


# שטערן

ליטעראריש־
קינסטלערישער
און פּאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער
כוידעש־
זשורנאל

8

מינסק — 1939

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

№ 8 — פופצנטער יאָרגאנג — אווגוסט 1939

אָרגאן פון פארבאנד סאָוועטישע שרייבער פון ווססר



אי. באָרוכאָוויטש

## לידער

### אויב מע וועט בא דיר זיך פרעגן

אויב מע וועט בא דיר זיך פרעגן,
ווי'ן עס פירט דאָס שמאָלע וועגל
זאָלסטו וויסן וואָס צו זאָגן:
אויב עס פאָרט אפ דעם א וואָגן
פול געפאקט מיט ווייץ און קאָרן,
פול מיט וואָל געדיכטס געשאָרן,
און מיט האָניק וונדער-זיס
קענסט אים זאָגן אפגעוויס,
אז דאָס שמאָלע וועגל פירט
גלייך אין נאָענטן קאָלווירט.
אויב עס וועלן יונגע שניטער
דורכגיין אינדערפרי מיט לידער
איבער טוי באדעקטן וועג —
קענסט אים זאָגן, דעם, וואָס פרעגט,
אז דאָס וועגל ס'פירן גלייך
צו דעם בריטן דניעפּר-טייך,
ווו די לופט איז פריש און גרינג,
ווו די גראָז איז פעט און גרינג.
אָבער, אויב מע וועט דיך פרעגן
ווי'ן פירט נאָך דאָס שמאָלע וועגל
דו דערצייל אים, נאָר באהאלט,
אז דאָס וועגל פירט אין וואלד
צו דעם הויז פון אלטן וועכטער,
ניט צו אים—צו זיינע טעכטער.
צו דער בלאָנדסטער, צו דער יינגסטער,
צו דער שענסטער, צו דער פלינקסטער,
אָט צו דער, וואָס וואַרט אפ מיר
יעדן אָוונט בא דער טיר.

---

## א פאַרדראָס

מ'האַלט מיך אַלץ נאָך פאַר א קינד
אי די פרעמדע, אי ס'געזינד
כ'ווייס אַליין ניט גוט פאַרוואָס.
אָפּט נעמט אָן אַזא פאַרדראָס...
מײַנע שוועסטער ווען זיי ריידן
קען מען דאַן זיי ניט צעשיידן,
אָבער ווי איך קום נאָר צו
שטעלט זיך אײַן א טויטע רו.
פונקט ווי כ'ווייס ניט וועגן וואָס
ריידן זיי דאָרט אונטער נאָז,
אָבער עס נעמט דאָך א פאַרדראָס!
און איך פלעכט אַרײַן א וואָרט
שטעלט זיך אײַן א רו אויך דאָרט.
און מע קוקט מיך מאָדנע אָן:
„זע, ער רוקט זיך אויך אין קאָן",
עפּשער ווייסן זיי ניט גאָר,
אַז ס'איז מיר שוין 16 יאָר.
ס'איז מײַן קערפּער פעסט געבויט,
ס'זײַנען מײַנע באַקן רויט,
ס'זײַנען מײַנע פּלייצעס ברייט,
קלוגע זײַנען מײַנע רייד,
ניט איך ווייס פאַר וועלכע זינד
האַלט מען מיך נאָך פאַר א קינד.

---

* * *

ס'האָט געזאָגט מײַן ליבע,
ס'האָט געזאָגט מײַן טרײַע:
„ווערסט מיר ווערן ליבער,
טויזנט מאָל נאָך טײַער;
ווען דו ווערסט געפינען,
ווען דו ווערסט דערהערן
פון אַט דער מעדינע,
וווּהין עס פאַלן שטערן.

צו וועמעס פיס זיי פאַלן?
וועמען זיי באַלײַכטן?
גיי דערוויס זיך אַלעס:
כ'וויל צו זיי זיך גלײַכן".

כ׳האָב געזאָגט מײַן ליבער,
כ׳האָב געזאָגט מײַן טרײַער:
„כ׳וועל דיר קײנמאָל ליב זײַן,
כ׳וועל ניט זײַן דיר טײַער.

קוק ניט אָן באַשערטע
מיך אַזוי פאַרוווּנדערט,
ווען עס פאַלן שטערן —
ווערן זײ פאַרשוווּנדן".

## אוי, אין סטעפּ אין ברייטן...

אוי, אין סטעפּ אין ברייטן,
צווישן הויכע גראָזן
האָט טשאַפּײַ די לײצעס
פונעם פערד צעלאָזן.

עפּעס סטעפּ די אָרעמס,
עפּעס סטעפּ די שויסן,
ווײַל טשאַפּײַ דאַרף פאָרן
אויפן פערד דעם הייסן.

היי! צעשפּרייט זיך וועגן
גלײַכער פון אַ ווירע,
ווײַל טשאַפּײַ קײן רעגע
טאָר דאָ ניט פאַרלירן.

ס׳וואַרטן רײַטער יונגע,
ס׳וואַרטן גרײַזע זאָקנס,
אַז טשאַפּײַ זאָל קומען,
קומען און זאָל זאָגן:

„זאָקנס מײַנע ליבע,
אָדלערס מײַנע יונגע,
ס׳האָבן שוין די פערדלעך
אײַערע געטרונקען?

ס׳זײַנען שוין די פערדלעך
אײַערע געזאָטלט?
האָט איר אין די טאַשן
פולווער אָנגעשאָטן?

זעצט זיך אין די זאָטלען,
נעמט אין הענט די פּיקעס,
בלויז א שטויב א גרויער
זאָל נאָך אונדז זיך וויקלען".

ס'וואַרטן בראַווע יונגען,
ס'וואַרטן גרייַזע זאָקנס,
אז טשאַפּייַ זאָל קומען,
קומען, און זאָל זאָגן.

... און אין סטעפּ אין ברייטן,
צווישן הויכע גראָזן
האָט טשאַפּייַ די לייַצעס
שוין פון פערד צעלאָזן.

---

מ. הארצמאנ

# ציגײַנער-לידער

* * *

איכ האָב דיר אויסגעשטרעקט מײַנ האנט
אונ שמייכלענדיק געזאָגט דיר דאנ—
מײַנ הארצ, מאמאנ!

„מײַנ מאזל־טרעפ״—איכ האָב געלאכט,
פונ קאס ביסטו זיכ הייס פארגאנ—
מײַנ הארצ, מאמאנ.

ציגײַנערנ, בא דיר אינ בליק
איז אײביק נאכט, איז שטאָלצ פאראנ—
מײַנ הארצ, מאמאנ.

מײַנ בלוטיק הארצ פארגייט זיכ שטיל,
דערצייל פונ װאנדער-קאראװאנ—
מײַנ פרייד, מאמאנ.

דערצייל פונ בויד, װאָס איז געװענ
פאריאָגט פונ װאָלפ אונ מענטש. אונ דאנ—
שפיל, שפיל, מאמאנ.

די בובנע נעמ איבער דײַנ קאָפּ,
צעקלינג די גלעקלעכ, פלי אונ טאנצ—
טאנצ, טאנצ, מאמאנ.

טאנצ אויס דעמ װײטעק פונ דײַנ הארצ,
װײַל ס'איז דער גענעמ שוינ פארגאנ—
מײַנ הארצ, מאמאנ.

סע ווייט מיט ווײַנטרויבנ פונ דיר,
מיט טיפנ וואלד אונ צווײַג פונ טאנ—
מײַנ הארצ, מאמאנ.

סאָ וואָס זשע שווײַגסטו אזוי שטיל,
עס איז דײַנ שטילקײַט הייסער סאמ—
דו ווײנסט, מאמאנ?

נײנ, נײנ, דו לאכסט אונ דײַנע צײנ
ווי שניי-בערג ווײַס—ס׳איז גליק פאראנ—
מײַנ גליק, מאמאנ.

* * *

שטיל, שטיל הינטער ליטערע שויבנ
פאלט דער צוויט—אזא גליק א געגארט׳ס,
עפשער פליִענ גאָר ליכטיקע טויבנ
אונ ברענגענ א גרוס פונ דײַנ הארצ.

ערגעצ איז זיכ א פידל פארגאנגענ,
כ׳הער מאמאנ, אינעמ זויבערנ קלאנג
מײַנ נעשאָמע דו ווילסט דאכט זיכ פאנגענ
מײַנ אײנציק, מײַנ בלוטיק געשאנק.

פאנג, פאנג, כ׳וועל לאָזנ מײַנ בענקשאפט,
ווײַל איכ האָב דײַנ אָטעמ געפילט,
ווי דעמ ווינט איבער ווײַנטרויבנ-הענגלעכ.
דײַנ ווײַנ האָט געיוירט אונ געשפילט.

פאנג, פאנג, כ׳האָב געקליבנ די שפורנ
אפ דײַנ סטעפ, ווו געשפאנט האָסט אינ מײַ,
ווי דער עפלבוימ וואקסט קעגנ שטורעמ
אזוי גרינ, אזוי אײביק אונ פרײַ.

אויב איכ האָב ניט דײַנ לײַב, האָב איכ ליכטיק
פארהיט פונ דײַנ האנט דעמ באריר,
אונ דײַנ קוש אפ מײַנ באק איצטער פיל איכ,
בא מײַנ שויב, ווו דער צוויט פאלט אפ מיר.

שטיל, שטיל, הינטער ליטערע שויבנ
פאלט דער צוויט—אזא גליק א געגארט׳ס,
סאָ פארוואָס אינ מײַנ בענקשאפט מײַנ טויבער
איצט פלאקערט דײַנ בלוט אינ מײַנ הארצ?

* * *

ציגײַנערן, דײַן סטעפּ איז ברייט און קלאָר,
ווו לויטער זינגען דײַנע ליפּן,
ווו זאַנגען גאָלדענע האָסטו געקליבן —
פאַרבליבן איז א זאַנג אין דײַנע האָר.

פון דײַנע שוואַרצע לאָקן, ווי די נאַכט
דערלויב דעם זאַנג אַראָפּצונעמען,
דערלויב דעם טוי פון דײַנע ברעמען
מיט מײַנע ליפּן אָפּווישן דיר צאַרט.

דו לאַכסט און טוסט צום קוואַל א שפּרונג,
דו ווילסט מיט וואַסער מיך באַשפּריצן,
ציגײַנערן, פאַרברענט פון טויזנט היצן,
ווי ערשטע דונערס ביסטו יונג.

אַך, שוואַרצע וואַנדער־טאָכטער, דו,
אין אָרעמקײַט, אין הייסע פּלאָגן
דו וואַנדערסט מער ניט אַף דײַן וואָגן,
געפינען האָסטו, גלײַך ווי איך, דײַן רו.

אָט דו אין סטעפּ, ווו ווייץ איז פריש און העל,
ווו בליצן שפּאַלטן אונדזער הימל,
ווו רעגנס לעבן אויף דאָס בלימל
און ברענגען פרייד צו אונדזער שוועל.

אי. קיפּניס

# צומ נײַעמ לעבנ

## דער טאָג הויבט זיכ אָנ

1

באַ לײַטנ אינ שטוב איז שוינ געווענ פרײַטיק אינדערפרי. אונ דאָ אינ שטוב פײַפט דער דאַלעס אונ סע ניטאָ גאָרנישט וואָס צו טאָנ. דאָ אינ שטוב איז אַלע מאָל גאָרנישט. דאָ ליגט נאָכ דער אוילעט אינ די בעטנ. אינ קיכ איז הויל, קײנ מײַנ אונ קײנ קעצ זײַנענ ניטאָ,—זײ האָבנ ניט וואָס צו עסנ, וואָרומ די פּאָליצע אינ קיכ פונ די פיר לאַנג הענגט אַנ אויסגעשאָבענע, אַ רײנע קימאַט פונ פײַסעכ ביז פײַסעכ. אַ מאָדנע פּאָליצע. אַ קאַלטע אונ אַ פרעמדע אַזאַ. קײנמאָל ליגט אַפ איר גאָרניט אונ בײַ אַלקאָנעס ווײַב, בײַ האַנעלענ, אָדער בײַ ריקלענ דער האַרבאַרקע, הײצט זיכ קעסײדער אינ אויוונ אונ אַפ די פּאָליצעס בײַ זײ איז אָנגעלײגט פונ הערנ אונ קלערנ, פונ וואָס נאָר אַ מויל קענ אויסרײדנ.

ווינדערנ מיט די קלימשעוואַטע פיס פאַרדריסט עס ביז גאָר. ליגנדיק איצט אַפנ געלעגער דערמאָנט ער זיכ: נעכטנ צו פאַרנאַכט איז ער אַרומגעלאָפנ אונ צוגעטראָגנ האַנעלענ מעל פונ מאַרק. געבײַטלטע מעל אַפ שאַבעס אונ נאָכ אַ קויש מיט זאַכנ. אימ האָט זיכ זײער געווענ געגלוסט אַ קוק טאָנ אינ קויש אַרײַנ. דאָרט איז געווענ, מע ווײסט עס וויל: אי בוימל, אי ראָזשינקעס, אי זאַלצ, אי שמאַלצ, אי אײער, אי הײוונ, נאָר אימ האָט זיכ פונדעסטוועגנ געגלוסט אַ קוק טאָנ. ער האָט געבאַלעשט אַ מיש טאָנ מיט די הענט אונ אַ צײל טאָנ די זאַכנ. איז אָבער די גאַנצע צײַט האַנעלע אַלקאָנעס אימ נאָכגעגאַנגענ פונ הינטנ אונ כאָטש טו וואָס דו ווילסט. שאַבעס זאָל ער קומענ,—האָט זי געזאָגט, וועט ער קריגנ אַ גרויסנ שטיק קוגל אונ איצט גיט זי אימ פיר גראָשנ פאַר דעמ גאַנג. די פיר גראָשנ זײַנענ שוינ בײַ אימ לאַנג ניטאָ אונ איצט פוילט ער זיכ אופשטײנ אונ ער איז שוינ אַפילע גוט אינ קאַעס אַפ זײַנ מאַמע, דער שמערנזוערנ אויכ. האַק שעלטנ קענ זי זיכ אונ מער גאָרנישט.

ווינדער רײַט זיכ שוינ פונ אַ האַלבער שאָ אַפ זײַנ האַרטנ געלעגער אונ הוסט ווי אַנ אַלטער ייִד. מע רופט אימ „ווינדער דער קול“, פאַר וואָס ער וויל ניט וואַקסנ

אונ „כירבעל“ רופט מענ אימ אויכ פאר דאָס זעלביקע, ווײַל באמ פריסטאוו אינ קיכ האָט זיכ אומגעדרייט אמאָל א פויערל אזא, א כירבעל, וואָס איז געווענ א סטארעצ אונ איז אויכ, ווײַזט אויס, אפ זײַנ לעבנ קיינמאָל ניט געוואָקסנ. נו, מיילע, זאָל זײַנ כירבעל. ווענ ניט ע ר, וואָלטנ זיי א מאקע געהאט וואָס צו לייגנ אינ מויל ארײַנ, מאקע אלע דאָ אינ שטוב.

ווינדער הוסט אזוי ווי אנ אלטער ייִד אפ דער לאנגער, שמאָלער רויט געפארבעטער באנק מיט דער פארענטשע. צוגעדעקט איז ער מיט אנ אלטנ שמויסל פונ א פולעפ, א פארדארטנ אונ פארבאקטנ. די באנק איז א לאנגע אונ פארנעמט די גאנצע לענג פונ דער וואנט. איז אפ איינ עק שלאָפט ער אונ אפנ צווייטנ—מינדל. איצט האָט זיכ די מאמע אויכ אופגערוּעט אונ זי וועקט שוינ מיט א פארלייגטער גאָז ווינדערנ, ער זאָל גיינ נאָכ לאָמאטשע *). ווינדער האָט קיינ האלבנ וואָרט ניט געענטפערט. ער האָט ארופגעשלעפט די לײַוונטענע אויסגעריבענע הייזלעכ אפנ אונטערשטנ נאקעטנ האלבנ גופ. איינוועגס האָט ער געגעבנ א זעצ מינטשיקנ, וואָס איז געשלאָפנ מיט די פיס צו אימ אונ ער איז ארויסגעפלויגנ ווי א קויל פונ שטוב.

— א דארענייש אינ די פינגער, א טרוקענייש אינ די ביינער!—האָט די לאנגע מאמע נאָכגעשריענ.

— א כירבעל, א קרומער קול!—האָט איר מינטשיק א פארשלאָפענע אונטערגעהאָלפנ אונ זי האָט נאָכ אליינ ניט געוווּסט צי דאָס רעדט ז י, צי עמיצער רעדט עס פאר איר, ווײַל זי איז נאָכ אינגאנצנ געשלאָפנ.

אָבער ווינדער האָט זיי שוינ געהערט מערער לויט דער געוווינשאפט, ווי אפ דערעמעסנ, וואָרומ ער איז שוינ געווענ אינ דרויסנ. אינ דרויסנ איז געווענ זומערדיק, לופטיק אונ די שײַנ האָט אזש געטוליעט די אויגנ. פונ אלע קוימענס איז געגאנגענ א רויכ א פרײַטיקדיקער, א רויכ מיט אלע טשאקנ. אונ ווינדערנ איז מיט אמאָל געוואָרנ פונ עפּעס דאפקע גוט אפנ הארצנ. זייער הויפ איז ניט קיינ פארצוימטער, ראכוועס איז דאָ גענוג. האָט ער זיכ אנידערגעלייגט אפ דער ערד, אנטקעגנ וואָלאָסט־גאָרטנ אונ האָט פונ נאָרניט ניט געקלערט. אפ אונדזער לאָשנ הייסנ מיר וויאזוי צו פארטײַטשנ, וואָס ווינדערנ איז פלוצימ געוואָרנ גוט אפנ הארצנ, וואָרומ דער דרויסנ אָט דאָ אינ עק שטעטל איז איטלעכנס. דעמ זומערדיקנ לויטערנ גאנצפרי פארשפאָרט מענ גיינ אינ קלייט ארײַנ באָרגנ. אונ פונ דעמ סענ ווינדער האנאָע האָבנ מער ווי אלע גוויירימ דאָ אינ שטאָט. ווינדער איז געלעגנ אונ געקוקט, ווי אדאמקע מארינעס, דער שאָכנ זייערער, פונ אונטערנ גאָרטנ, איז געגאנגענ אהינ ארופ מיט די כאזיירימ מיט זײַנע. האָט ער שוינ דאפקע געוואָלט אופשטיינ אונ צו אימ צוגיינ. ער האָט גענומענ זיכ צווי מאָל איבערקוליענ לעמ וואָלאָסט־ברונעמ, אביסל זיכ א ראָסטע געטאָנ, דערנאָכ האָט ער ערשט כאראָטע געהאט אונ איז גאָר אוועק צו אדאמקעס טאטנ, צו זאכארנ אינ הויפ, אויסקוקנ צי זיי זײַנענ נאָכ אינדערהיימ, צי ניט.

אינ הויפ איז געווענ זומערדיק לײַדיק אונ דער טויער איז געווענ פארשלאָסנ פונ דרויסנ. א גוטער סימענ, אז זיי זײַנענ שוינ קיינער נישטאָ אינדערהיימ. ווינ־

*) טרוקענע, דארע צווײַגנ אפ צומ הייצנ.

דער האָט זיכ דורכגערוקט דורכ אַנ אָפּגעשטאַנענער דראַניצע אינ פּויער. אַפּ יעדנ פאַל האָט ער נאָכ אַ פּרוּוו געטאָנ די טיר אינ שטוב צו זיי. איז ווײַטער גוט, וואָס זי איז פאַרשפּאַרט. דאַרפ מענ דערווײַל אַרײַנשפּרינגענ אינ גאָרטנ אַרײַנ אונ אויסרײַסנ אַ פּאָר קעפּלעכ גרינגע ציבעלעס. די קנױעס פונ די קלימשעוואַטע פּיסלעכ ציטערנ פונ דער גרינג. אָבער וואָס איז די פּולע?!...

אונטער די ברוסעס בא זאַכאַרנ האָבנ זיכ געלייגט אַ פּאָר הינער. וויגדער האָט זיכ אַ שאַר געטאָנ אַהינ אַפּנ בויכ, ווי אַ כאַזערל אונטער אַ פּלויט—איז דער קובלאָ שוינ געווענ ליידיק, נאָר אַ הונ אַ קוואָקע איז געזעסנ אַפּ אַ שפּענדל, האָט זיכ געבלאָזנ אונ ניט געלאָזנ צוגיינ. וויגדער האָט זי געגעבנ אַ קאָדוימש מיטנ פויסט איבער די פליגל—אַ דאַרעניש אינ די פינגער!—האָט ער איר צוגעווונטשנ,—אַ טריקעניש אינ די ביינער!—אונ איז אַרויסגעקראָכנ פונ גאָרע.

די ציבעלעס זײַנענ קאַלטע אונ קילנ דעמ נאַקעטנ בוזעמ. מיט דער אָ מעציע זײַנער איז וויגדער אַוועק צו זיכ אינ שטאַל, וואָס אָנ דעמ דאַכ. אַהינ אינ שטאַל איז אויכ אַרײַנ מינדל, אַ גרויסע מיידל שוינ, אַ נאַקעטע אינ איינ העמד, נאָר-וואָס פונ שלאָפּ. זי האָט געזוכט עפּעס אַ טרוקענעמ ווינקל אַפּ זיכ צוזעצנ. וויגדער האָט ניט אײַנגעלאָזנ דעמ פאַל אונ איר דערלאַנגט אַ ריס פאַר די האָר.

— אַ דאַרעניש אינ די ביינער, קול! גאַנעוו! טאַפּער!—האָט אימ מינדל אָפּגעצאָלט זײַנ ראַכאַש. אָבער אַנטלויפנ האָט זי געמוזט, וואָרומ זי האָט אַפּנ ניכטערנ האַרצנ ניט געוואָלט לייזנ מער קיינ קלעפּ.

2

וויגדער האָט גענומענ כראָמטשענ די ביטערע ציבעלעס. ער איז געזעסנ אַפּנ ברוס, ווו ס'האָט זיכ אַמאָל דערוואָרעמט דער באָבעס ציג. די באָבע, די שטערנזוערנ, פלעגנ ניט פאַרמאָגנ האַלטנ קיינ בעהיימע אונ קעסיידער פלעגנ בא איר זײַנ ציגנ. אָרעמ זײַנענ זיי שוינ געווענ, נאָר ציגנ האָט מענ נאָכ געהאַלטנ. איז די לעצטע ציג געווענ אַ גרויע אונ אַדהאַיעמ קענ מענ זיכ ניט אָפּלויבנ פונ דער ציגס כאָכמעס. די שכיינישע פּויערימ פלעגנ זי האַרגענענ, שלאָגנ, וואָס זי עסט בא זיי אַרומ די קאָרע פונ די ברוסעס. אונ אינ בעסמעדרעש-הויפ איז זי נאָר געווענ אַ גאַנצע מאַכערנ. זי פלעגט זיכ אַוועקלייגנ אַפּנ דורכגאַנג, אַז די אַלטע ווײַבער זאָלנ ניט קענענ גיינ דאַוונענ מינכע. אָט דאָס איז טאַקע געווענ אַ ציג, שוינ איינמאָל אַ ציג. צו קיינ מאַנצבלענ טשעפּעט זי זיכ ניט, כאָטש נילדט זי אָפּ, זי האָט סייכל, אַזוי ווי אַ לעבעדיקער מענטש, אונ נאָר אַ ווײַבל אָדער אַ ייִדענע אַז זי דערזעט, שטעלט זי אַפּ איר אָנ די הערנער. וויגדער וואָלט מיט אַזאַ ציג הײַנט אויכ ניט פאַרפאַלנ געוואָרנ. האַ? אַ דאַרעניש אינ די פינגער... געדענקט ער, וויגדער, ער איז נאָכ דאַמאָלסט געווענ נאָר אַ קליינער, איז די ציג פאַרקראָכנ מיטנ האַלדז דאָ אינעמ צוויישנ, פונעמ הויכנ זשוראַוועל, אַ ציג זאָל זיכ דיר דערלאַנגענ, אונ זי איז געבליבנ הענגענ אַ פאַרוואָרגענע. עפּשער אומיסטנע, האַ?

וויגדער האָט זיכ שוינ זייער אָנגעגעסנ מיט ציבעלעס. האָט ער די איבעריקע אַוועקגעוואָרפנ פונ זיכ אונ ער האָט געקלערט, אַז אַנ אַוולע, וואָס דער כיילעוו פונ

דער ציג, וועלכנ מע האָט דערנאָכמאָל פאַרקויפט צו אַלקאָנענ האַנעלעס אינ האַרבאַרגיע אַרײַנ איז געווענ ציגענער—ניט קײנ פויגלשער.

אָהאָ, ווענ ער באַקומט אַ שטיקל פויגלשנ בײלעוו איבערגעפרעגלטנ, אָדער גאָר גרײטע צוויי ליכט פונ פויגלשנ בײלעוו, וואָלטנ אימ שוינ די ייִנגלעכ אינ שטאָט אָפגעגעבנ אַנדערש קאָוועד. נישקאָשע, מיט אַזאַ מינ ליכט, אַז מע גײט אַרײַנ אינ אַ מיטנ באַנאַכט צו אַ פאָרעצ, אָדער אַזוי צו אַ גוויר אינ שטוב אַרײַנ, קענסטו אַרויסטראָגנ דאָס שענסטע אונ דאָס בעסטע אונ זײ וועלנ דיר שלאָפנ ווי די געהאַרגעטע. די ליכט ברענט באַ דיר אינ האַנט, די מאַכערס שלאָפנ זיכ אונ דו גײסט אונ קוקסט אויס אַלצ מיט אַנאַנדער, וואָס דיר איז געפעלנ, דאָס נעמסטו צו.

ווינדער האָט דערהערט, אַז די טיר פונ זײער פאָדער-הויז האָט אַ סקריפע געטאָנ אונ דורכנ שפאַלט פונ טויער האָט ער דערזענ, אַז מינטשיק גײט שוינ ערגעצ, די מאַמע האָט זי שוינ אַרויסגעפראָוואָדעט ערגעצ מיט אַ קריגעלע. איז ער אַרויסגעשפרונגענ פונ שטאַל, זי אַפ גיכ אָנגעיאָגט, האָט אַרויסגעריסנ באַ מינטשיקנ אונטנ אַרומ דאָס קריגעלע פונ האַנט אונ מיט די קרומע אַפ אינווייניק אויסגעבויגענע פיסלעכ, איז ער אַוועקגעלאָפנ גלײַכ צו האַנעלענ אַלקאָנעס, די פינפטע שטוב פונ זײ.

די לאַנגע פריבע, די מאַמע זײַנע, איז אַרויסגעלאָפנ מיט אַ שטעקנ:

— ווינדער!—האָט זי אויסגערופנ,—אַ דאַרעניש אינ די פינגער! אַ צינדעניש אינ די געדערימ! דו וועסט שוינ אינ שטוב ניט דערלעבנ קומענ, כירבעל, אַ רועכ אינ דײַנ טרײפע צורע אַרײַנ!...

אָבער ווינדער איז שוינ פאַר דער צײַט געווענ לעמ האַנעלעס טיר, האָט ער אַראָפגעלאָזט דעמ קאָפ אונ געמאַכט אַ פאַמעלעכערנ גאַנג.

3

ווינדער איז אַרײַנ אינ דעמ לענגעכיקנ פאָדער-הויז. בײדע טירנ, אײנע וואָס פירט אינ שטוב אַרײַנ אונ די צווייטע אינ קיכ, זײַנענ געווענ זומערדיק צעעפנט. האָט ער פאַרקערעוועט אינ קיכ-טיר אונ איז געבליבנ שטײנ. האַנעלע איז פונקט אַוועק אינ הויפ אַרײַנ נאָכ אַביסל קאָרע אַפ אָנוואַרפנ אינ אויוונ. אינ קיכ האָט זיכ געשניטנ טויג. די עלטערע טאָכטער האַנעלעס האָט געמאַכט די פוילעס פאַר די בעהײמעס וועגנ. פונ דער טיר, וואָס אינ שטוב אַרײַנ, האָט ער דערזענ, ווי כאָנאָנ האַנעלעס, וואָס דאַרפ שוינ באַלד באַלמיצווע ווערנ, האָט זיכ געוואָרגנ מיט דאַווענענ, אַז ניט—האָט שוינ ווינדער פאַרשטאַנענ,—וועט מענ אימ דאָ ניט געבנ קײנ אָנבײַסנ.

דערזענ ווינדערנ דער שטערנזעערנס, האָט זיכ כאָנאָנ אַ קאָפ דערפרײט אונ אימ אינדערניכ אַ פרעג געטאָנ, צי ער איז טאַקע נעכטנ געגאַנגענ מיט זעליקנ טרײסלענ באַרלעכ.

— ע, ס'הײַנט פוסטע בײמער!—האָט אימ ווינדער געענטפערט זײער סטאַמעשנע, ווײַל דאָס קריגעלע אינ האַנט האָט אימ אַביסעלע געמוליעט,—ניט וועט הײַנטיקס יאָר זײַנ אָנגעשאָטנ, אָבער אינ באַרנ דאַרפ מענ פאַרגעסנ. דו וועסט הײַנט פירנ דעמ פערד אַפ דער פאַשע?

— וועמ וואָס זײַנ?

— וועט איינער היטנ און דער צווייטער וועט רײַסנ.

האנעלע איז אָנגעגאַנגענ בא די רייד, א געפּאַקט ווײַבל, ווי בא א ליטווישקע, זײַנענ בא איר געווענ צעשויבעט די בלאָנדע האָר איבערנ נידעריקנ קאָפּ און מיט א בערעט קאָרע איז זי ארײַנגעקומענ אפ דער האנט פאר זיכ.

כאָנאָנ האָט זיכ א כאַפּ געטאָנ צום סידער און ווינדער האָט אָפּגעטראָטנ אפ הינטערהײַלעכס מיט זײַנ קרינעלע אינ קיכ ארײַנ און איז געבליבנ שטיינ אינ א ווינקעלע באַם טיר. האנעלע האָט אראָפּגעוואָרפנ די קאָרע און מיט דער זעלבער איינער באַוועגונג זיכ אויסגעדרייט צום מולטער מיט דער לאָקשנ־ברעט און אינדערגיכ גענומענ איינס נאָכ איינס אָנשנײַדנ טייג אפ קיכלעכ.

— כאָנאָנ,—זאָגט זי,—דו האָסט שוינ אָפּגעדאַווענט? וועסטו אוועקטראָגנ דעם האָנ צום שויכעט... ווינדערקע, נאָכ וואָס ביסטו געקומענ?

ווינדער האָט זיכ צוגערוקט אפ די שפּיצ פינגער און האָט א זאָג געטאָנ קוים וואָס מע הערט:

— די מאמע האָט געבעטנ „לײַענ" אביסעלע זויער־מילכ.

האנעלע האָט צוגענומענ בא אים פונ האנט דאָס קריגעלע, האָט א קלער געטאָנ אביסל און זיכ אָנגערופנ צום עלטער מיידל:

— פריידקע, עפּשער געטאָפּעטנ אים אָנגיסנ.

פריידקע, וואָס האָט פּונקט איבערגענומענ בא דער מוטער די קיכלעכ, זיי געלייגט אפ א בעקנ און איבערגעשמירט מיט בוימל האָט געענטפערט דער מוטער, אז־נוט.

— מאָ לויפ שוינ צו, ווינדערקע, עפּשער דו צום שויכעט, וועט עס ארויסקומענ גיכער... נא דיר דעם האָנ און אינ הויפ וועט דיר אלקאָנע געבנ צענ גראָשנ אפ שלאָפּ־געלט.

4

ווינדער איז אוועקגעלאָפנ מיט א געזונטנ גאלעגאנסקנ האָנ הינטערנ אָרעם דורכ דעם קליינעם גאָרטנ־געסל צום גראָבנ שויכעט. דער האָנ איז א באַלנ געווענ א פּיק טאָנ ווינדערנ אינ זײַנ אומגעוואשענער האנט ארײַנ. האָט אים ווינדער געגעבנ א וואַרג, אז בא דעם האָנ האָבנ זיכ פארגלאָזט די קײַלעכדיקע בארויפּלטע אויגעלעכ און דער געוואָרגענער גאָרגל האָט זיכ אזוי ווי אָנגערופנ צו ווינדערנ:

— אוי, מײַנ פרײַנט... נאָכ איינ קוועטש אזא פארשפּאָרנ מיר שוינ גיינ מיט דיר צום שויכעט.

דאָס געסל, ווו ווינדער איז געגאנגענ איז באשטאנענ מערער פונ פּלויטנ, ווי פונ הײַזער און אינ סאמע מיט האָט זיכ דאָס געסל א בויג געטאָנ מיט זײַנעביידע פּלויטנ מיטאמאָל אפ רעכטס און דערנאָכ צוריק מיטאמאָל אפ גלײַכ. אינ דעם אָ בייג איז געווענ קעסיידער א גרויסער שאָטנ, ווײַל פונ איינ זײַט זײַנענ באם סאמע פּלויט געווענ צעוואָרפנ אוליטעס ווײַנשל־ביימער און אנטקעגנ אזוי גאָענט, אז די ביימער האָבנ זיכ אָנגערירט איבערנ וועג איינע מיט די אנדערע, זײַנענ געווענ טיקיטקע דעם כאָגדערס עפּל־ביימער. אָט דאָ, אז א יונגל גייט זומער־צײַט, מעג ער שוינ זײַנ דער ערלעכסטער און שטילסטער יונגל, מוז ער פארפּאמעלעכערנ די טריט און דער קאָפּ

פאַרײַסט זיכ בא אימ פונ זיכ אונ מע דארפ שוינ זײַנ דער גרעסטער גיבער מע זאָל זיכ אײַנהאלטנ אונ נישט א שטופּ טאָנ די האנט צו א נידעריקער צווײַג־צו, אָדער מע זאָל זיכ נישט א קלעטער טאָנ אפּ איינעמ פונ די צוויי נידעריקע געפלאָכטענע פלויטלעכ.

אָבער ווינדער איז שוינ דערפאר אביסל אנ אנדערער, ווי אלע יִנגלעכ. ווינדער קוקט גיכער אראָפּ, ווי ארופ, צי ווײַל בא אימ זײַנענ די פיסלעכ אויסגעבויגענע אונ זײַנ בליק דארפ אימ פאלנ דורכנ בויגל, וואָס די פיס בילדנ אויס, אפּ צוריק, צי ווײַל ער האָט א נאטור קעסיידער געפינענ זאכנ, וואָרומ קיינער פונ די יִנגלעכ געפינט נימ אזויפיל זאכנ, ווי ווינדער דער שטערנזעערנס. אונ אויכ איצט וואָלט קיינ אנדער יִנגל נישט דערזענ ס'ארא גרויסער עפּל ס'ליגט אונטער מיקיטעס גרויסנ עפּלבוימ, אינ הויכנ גראָז, אויסבאהאלטנ דאפּקע באמ סאמע פלויט.

ווינדער האָט אנידערגעלייגט אפּ א רעגע דעמ האָנ אינ סאמע ווינקל, ווו דער פלויט, האָט זיכ אויסגעבויגנ אונ מע דארפ דאָ נימ מער, ווי א קורצ שטעקעלע ערגעצ אָפּזוכנ,—שארט ער ארויס דעמ עפּל. א מעציִע אימ ארויסשארנ אנ עפּל! ביפראַט, אז דער עפּל איז אזא געזונטער אונ א רויטער. ער כאפּט נאָכאמאָל א קוק צומ האָנ אונ דרייט זיכ אפּ איינ אָרט מיט די אויגנ צו דער ערד אונ אזוי ווי אפּצעלאָכעס וואלגערט זיכ אינערגעצ נימ עפּעס א שמאמאָווע אבי וועלכע שטעקעלע, אָדער וואָס. ביז ער איז געוואָרנ אינ קאעס אונ אָפּגעבראָכנ א שטיקל צווײַג פונ די געפלאָכטענע פלויטנ צווישנ ביידע סעדער. דער דרויסנ איז געווענ נעפּלדיק, אָבער שטארק ווארעמ. אינ גראָז, צווישנ פלויט אונ בוימ, איז אויכ געוואקסנ אסאכ פוינלשער שמשאוועל. ווו נימ ווו האָבנ זיכ געוואלגערט צו איינע זויערע אָפּגעפאלענע פלאָמענ. האָט זיכ ווינדער פארטאָנ אינ די אלע זאכנ אזוי, אז ער האָט פארגעסנ אפּ וואָסער וועלט ער איז. דעמ שמשאוועל עסט ער, די פלאָמענ צעקײַט ער אונ שפּײַט אויס. זיי זײַנענ אזוי זויער, אזש ביטער אונ דער עפּל, כאָטש גיב אימ א קרענק,—וויל ער זיכ נימ ארויסשארנ. אלע מאָל פארקײַקלט ער זיכ נימ אהינ ווו מענ דארפ, פריער איז ער זיכ געלעגנ אונ זיכ פארהאלטנ איבער אנ אויבערשטנ וואָרצל פונ בוימ. דערנאָכ האָט ער זיכ אראָפּגעקײַקלט אינ א מינ גריבעלע אזא, צווישנ גראָז, אונ גענטער צו, איז ווײַזט אויס, א מויל־ווערפער דאָ אומגעקראָכנ, וואָרומ ער האָט איבערגעלאָזנ איכ ווייס וועלכע שפּורנ. ס'זאָל כאָטש זײַנ א רעכט שטיקל שטעקל. איז אָבער...

פלוצימ האָט עמיצנס א האָנ זיכ עפּעס צערעדט זייער אפּ א הייכנ קאָל. פונ דער ערשטער רעגע האָט זיכ ווינדער אפילו נימ באטראכט, וואָס דאָס זאָל זײַנ פאר א האָנ אינ מיטנ דרינענ. ס'האָט אָבער טאקע מער נימ געווערט ווי איינ אויגנבליק, ער זאָל זיכ דערמאָנענ, אז וואָס הייסט?—ער פאָלגט דאָכ עפּעס האנעלענ א גאנג אונ גייט צומ שויכעט קוילענ א האָנ. האָט ער מיט מוירע אופגעהויבנ די אויגנ אונ דערזענ, אז מיקיטע, דער אלטער גנאָוויק, מיט די גלאט פארקעמטע האָר, אזוי ווי בא א דיאקאָנ, האָט זיכ אונטערגעגאנגעוועט ארומ אונ ארומ. ער קריכט שוינ ארויס פונ פלויט אונ גלײַכ צומ האָנ. ווענ מיט איינ רעגע פריער, וואָלט דער האָנ געווענ בא ווינדערנ אינ די הענט. נאָר די רעגע האָט ער אײַנגעלאָזנ,—איז שוינ דער האָנ בא מיקיטענ אינ די הענט אונ שיר־שיר אינ איינ רעגע האָט נאָכ דער אויער ווינדערס אויכ נימ

געשמעקט צווישנ מיקיטעס צוויי פינגער, מיט וועלכע דער לעצטער שטופט קעסיידער טאבאקע פונ א באַרעסטנ פושקעלע צו זיכ אינ נאָז ארײַנ.

דאָס ערשטע, וואָס ווינדער האָט געדאַרפט טאָנ, איז אנטלויפנ וואָס גיכער פונ דאַנעט. אונ עפשער האָט אימ אזוינס טאקע א טיאָכקע געטאָנ אינ הארצנ אויכ. אָבער ער האָט עס ניט געטאָנ, ער איז נאָר אָפּגעשפּרונגענ פונ מיקיטענ אונ ארויס־געראַטעוועט אפ א רעגנ דעמ אויער. אנטלויפנ אָבער איז דאָ ניט געווענ שײַעכ. ווינדער איז ניט קיינ נעגידיש יִנגל, וואָס קענ איבערלאָזנ דעמ אויער א מאשקנ אונ זיכ גיינ פאר עמיצנ קלאָגנ, מע זאָל אימ אויסלייזנ. ווינדער האָט זיכ ניט פאר ווע־מענ צו קלאָגנ, זינט דער טאטע איז פארפאלנ געוואָרנ אפ דער מילכאָמע, איז בא אימ אינ שטוב שטעלט ער זיכ אײַנ פאר איטלעכנ, אויב מע דאַרפ. אָבער פאר אימ איז נישטאָ ווער ס'זאָל זיכ אײַנשטעלנ.

— אָדאיטע פיוגיא,—האָט ווינדער געמאכט א האלב־טריט פאָרויס אונ זיכ גענוי־מענ בעטנ,—צע גיע טאָי פיוועג, צע האנטשינ, אוי, באָזשעטשקאָ, באָזשעטשקאָ, האָב אפ מיר ראכמאָנעס,—אונ ער לויפט אומ הינ אונ צוריק אזוי ווי אפ א שטריקל אונ וויינט.

מיקיטע איז עלטער פונ ווינדערנ אפ 47 יאָר, אָבער רייצנ רייצט ער זיכ מיט אימ, אזוי ווי מיט א גלײַכנ. ס'נעמט זיכ עפשער פונ דעמ, וואָס מיקיטע איז אויכ אנ אָרעמאנ, א באָנדער איז ער, רייצט ער זיכ מיט אימ, ווי מיט א גלײַכנ:

— בודעש ליזטי וו משוזשי סאד?—זאָגט ער,—א? בודעש?—אונ ער זאָגט, אז דאָס איז נאָכ גאָרנישט: ער וועט אימ נאָכ ווענ ס'ניט איז כאפּנ אונ גוט אויסשמײַסנ מיט קראָפּעווע אפּנ הוילנ לײַב. דערנאָכ וועט ער אימ פארשפּאָרנ מיט די כאזיירימ אינ שטעלכל אפ א פּאָר נעכט אונ זאָל דער יִדישער קאהאל מיטנ בעסמעדרעש אימ קומענ אויסלייזנ פונ דאָרט.

בא ווינדערנ האָבנ זיכ געגאָסנ טרערנ פונ די אויגנ. טרערנ ניט קיינ וואסערדיקע, נאָר עמעסע, הייסע אונ געזאלצענע אונ מיקיטע האָט געוווּסט סײַווי, אז די שטערנ־זעערנ איז אזא קאפּצנטע, ווי ער. זי האָט ניט קיינ אויפעס אפ צו עסנ אונ מיט אלקאָנעג דעמ הארבער זיכ קריגנ האָט אימ ניט געלוינט,—האָט ער אימ אָפּגעגעבנ דעמ האָנ. ער האָט נאָר אינ איינוועגס צוגענארט ווינדערנ צו זיכ אונ אימ טאקע אָנגעדרייט מיט זײַנע טאבאקע־פינגער פארנ לינקנ אויער.

— א דארעניש אינ די פינגער, א ציגדעניש אינ די גדערימ,—האָט זיכ שוינ ווינדער אינווייניק אינ זיכ אויסגעשאָלטנ. אונ ער איז אוועק מיט אנ אָנגעהיצטנ אינ־געווייד, אָבער מיט א דערמוטיקטער הארצנ אפ זײַנע קרומע באָרוועסע פיסלעכ צומ גראָבנ שויכעט...

אז ער איז געלאָפנ צוריק פונעמ שויכעט אונ שוינ געהאלטנ דעמ האָנ פאר די פיסלעכ מיטנ איבערגעקוילעטנ, פארבלוטיקטנ העלדזל אראָפּ, האָט ער פונעמ האָנ נימ געקלערט. ער האָט זיכ נאָר ווײַטער דערמאָנט פונ מיקיטענ.

— א דארעניש אינ די פינגער,—האָט ער זיכ דערמאָנט,—א ציגדעניש אינ די גע־דערימ. גישקאָשע, אז ער וועט פאקנ זײַנעמ א באזורל בײַ זיכ אפּנ הויפ, וועט שוינ יענער שלעפּנ די פיסלעכ...

ווינדער האָט פארגעסנ אָנעמ האָנ, וואָס ער האָט געהאלטנ אינ די הענט. ער

האָט זיכ נאָר דערמאָנט, וויאזוי דער עפּל איז פונדעסטוועגנ געבליבנ ליגנ דאָרטנ און ער, ווינדער האָט זיכ נאָכ פאר אָנבײסנ אזוי נישט גלאט אויסגעהאַנדלט. ס'האָט אימ אזוי פארנומענ אפ זיכ אלײנ פארנ הארצנ, אז נאָכ אײנ רענע וואָלט ער זיכ איבעראַגײמ צעווײנט פאר פארדראָס.

5

אז ווינדער איז דורכגעלאָפנ דורכ זײנע שטופּ-פענצטער האָט זיכ נאָכ בא זײ אלצ ניט געהײצט. אימ האָט פלוצימ פארדראָסנ אפ זיכ, וואָס ער האָט שוינ עפּעס גע-האַט אינ מויל און זײ קערנ נאָכ קרענקענ דאָרטנ הונגעריקע. האָט ער גענומענ אפ זיכ א ניידער, אז זאָל אימ נאָר האנעלע געבנ אביסל מילכיקס מיט א פרישנ שטיקל ברויט, רירט ער עס ניט אָנ, און טראָגט עס אָפּ גלײכ אהײמ. א קונצ, אז ער האָט זיכ שוינ הײנט אָנגעפרעסנ מיט ציבעלעס, מיט פּלעצל, מיט שמשאוועל און מיט אלע קרענקענ.

ער האָט איבערגעשפּאנט מיט די אײנגעקנאָטענע בלאָטיקע פיסלעכ האנעלעס קיכ-שוועל, זײנענ שוינ דאָרטנ געשטאנענ צווײ בעקנס אויסגעבאקענע קנישעס אונטערנ פּיש אפנ לײסט אָנגעשפּארט. זײער רײעכ איז זיכ צעגאנגענ אינ אלע אײווורימ און כאָנאָנ. האנעלעס איז געזעסנ עפּעס א בארויגעזער אינ קיכ אפנ סאָפקע און האָט געטונקענ די הײסע קנישעס אינ קאלטער סמעטענע ארײנ, געגעסנ אפ בײדע באקנ און אפ קײנעמ ניט געקוקט. ווײזט אויס, אז דער פאָטער אָדער די מוטער האָבנ אימ פאר עפּעס מעקאיעמ פּסאק געווענ. אינ א ווײלע ארומ איז ארײנגעקומענ האנעלע מיטנ מעלק-שעפל אונטערנ פארטעכ.

— אָ!—זאָגט זי,—לאנג לעבנ זאָלסטו, ווינדער, וואָס דו האָסט מיר געפּאָלגט. מיט דעמ אָ פגווער מיטנ געזונטנ קאָנ איכ גאָרנישט אויספירנ. אפילע פונ דאנענ אהינ.

האנעלע האָט זיכ א דרײ געטאָנ מיטנ צוגעדעקטנ מעלק-שעפל איבערנ קיכ, אזוי ווי זי האָט זיכ פארגעסנ, וואָס זי וויל טאָנ. דערנאָכ האָט זי אונטערגעשטעלט דאָס מעלק-שעפל פּיפּ אונטערנ מילכיקנ טאָפּטשאנ, האָט פלינק אָפּגעזוכט ווינדערס קרי-געלע, ארײנגענאָסנ עפּעס אהינ און אופגעזוכט אינ קוימענ-שאפקעלע א גרײפּעלע זאלצ און עס אהינ ארײנגעוואָרפנ.

— נא,—זאָגט זי,—דיר אביסל מאסלינקע *)—קײנ זוויער-מילכ איז הײנט ניטאָ. די בעהיימעס קומענ הונגעריקע פונ דער פּאשע, מיט איבערגעפאלענע זײטנ. זאָלסט זיכ ארײנכאפּנ עפּשער זונטיק גאנצ פרי, אז מירנ דערלעבנ, וועלנ מיר פרעסנ קעז.

ווינדער האָט צוגענומענ דאָס קריגעלע און איז נאָכ געבליבנ שטײנ.

— טאָ וואָס זשע לויפסטו ניט אהײמ, ווינדער?—האָט אימ האנעלע איבערגע-פרעגט אינ א מינוט ארומ. א שרעק ווי האנעלע האָט פּײנט געהאט צו איבערזײענ די מילכ בישאס עמיצער איז דערבײ געשטאנענ. און פאר ווינדערנ איז עס שוינ אויכ קײנ נײס ניט געווענ. ער ווײסט אפילע אז דאָס וואָס מע וואַרפט ארײנ די גרײפּעלעכ זאלצ אינעמ מילכיקס איז אויכ קעגנ אײנהאָרע. אָבער ער האָט נאָכ א פּיצעלע אר-בעט געהאט אפ אָפּצוטאָנ און זײער ניט קײנ גרינגס.

*) פּוטער-מילכ.

ער איז צוגעגאנגענ נענטער צו האנעלעס טאָפּטשאנ, זיכ ווײַטער געשטעלט אָפ די שפּיצ פינגער אונ א זאָג געטאָנ זייער שטיל:

— די מאמע האָט נאָכ געבעטנ איר זאָלט לײַענ א שטיקעלע ברויט.

— ברויט?... כאָנאָנ, גיי נאָר אינ שפּײַז־אַלמער ליגט א שטיקל ברויט. שנײַד אָפ האַלב אונ דערלאַנג אהער, אז ניט ברענג—וועל איכ אַליינ.

אונ ווינדער איז אוועקגעלאָפנ אהיים מיט ביידע זאכנ. אים האָט זיכ זייער גע־גלוסט א זופּ טאָנ פונ דעם קריגעלע אונ א ביס טאָנ דעם ברויט, כאָטש דער שטיקל אָקרײַצ איז ניט געווענ קיינ פרישער, ווי ער האָט געקלערט, אָבער ער האָט דאָכ א ניידער געטאָנ, אז ער וועט נאָר ניט אָנרירנ פונ דעם פרײַער איידער זיי.

— זיי קערנ נאָכ דאָרט קרענקענ, נעבעכ, אַלע אינדערהיימ הונגעריקע!...

6

ווינדער איז ארופ אפנ שוועל פונ זייער הויער, אויסגעבלאָזענער קיכ. דורכ דער שטוב־טיר האָט ער געקענט זענ, ווי די מוטער איז געזעסנ מיט ליידיקע הענט באַמ ליידיקנ טיש אונ ס'איז איר, ווײַזט אויס, געווענ גוט ביטער אפנ הארצנ. כוצ איר איז אינ שטוב מער קיינער ניט געווענ. אז זי האָט אים דערזענ, האָט זי גענומענ זוכנ מיט די אויגנ, טאָמער איז עפּעס לעמ איר נאָענט פאראַנ אזעלכס, מע זאָל קענענ „בירכלענ" א וואָרפ טאָנ אינ קאָפּ ארײַנ. אָבער „בירכל" האָט זיכ זייער גרינג אָנגע־שטויסנ פונ וואָס דאָ רעדט זיכ, האָט ער געכאַפּט, אנידערגעשטעלט אינ דערגיכ פונ האַנט, אינמיטנ שטוב אפנ דיל, דאָס עסנ, אונ האָט זיכ פײַל אויס בויגנ ארויסגע־קײַקלט פונ שטוב ארויס. ער האָט איר נאָר א הוקע געטאָנ אונטערנ פענצטער זי זאָל אים ארויסשטעלנ דאָס ווענעלע מיטנ שטריקל, וועט ער פאָרנ נאָכ לאָמאַטשע.

— א האָרעניש אינ די פינגער!—האָט די מוטער אים אויסגעשריענ,—דו וועסט שוינ אינ שטוב ניט דערלעבנ זײַנ!—דאָכ האָט זי זיכ אָפּגעבראָכנ א שטיקל ברויט, האָט א זופּ געטאָנ פונעמ קריגל די ווײַסע מאַסלינקע. דערנאָכ האָט זי ארײַנגעגאָסנ אביסל אינ א ווײַס פארצעלײַענ שיסעלע ארײַנ, פאר ווינדערס וועגנ, האָט אים אָפּגעבראָכנ א שטיקל ברויט אונ געעפנט אומיסטנ צוליב אים דעם פענצטער.

— גיי, פרעס, קול! ווערימ זאָלנ דיכ פרעסנ! א האָרעניש אינ די פינגער, א צינ־דעניש אינ די גדערימ!

דאָ האָט שוינ ווינדער געוווּסט, אז די לאַנגע מאמע זײַנע וועט זיכ שוינ ניט וואָרפנ שלאָגנ. איז ער אופגעשטאַנענ פונ דער ערד, האָט אויסגעריסנ א שטיקל גראָז מיט די וואָרצלענ אינײַנעמ, האָט עס מאַנצבליש א שמיצ געטאָנ רעכטס פונ זיכ אונ איז אוועק צו זייער נידעריקנ פענצטערל, זיכ צוגעשטעלט צו אים אָפ די קני אונ גענו־מענ עסנ.

— ער האָט שוינ הײַנט געוויעט אויכ,—האָט זיכ די מוטער אָנגערופנ אונ ניט נעקוקט אינ קיינעמס זײַט.—זיכ מינאַסטאַמ געשלאָגנ מיט יונגלעכ, ריבוינעשעלוילעמ, זיי זאָלנ אים כאָטשא ארויפדרייענ די וויאזעס, וואָלט איכ כאָטש וויסנ, אז ס'איז דאָ א גאָט אָפ דער וועלט.

ווינדער האָט זיכ דערמאָנט, אז ער האָט שוינ הײַנט טאַקע געוויינט. ווענ ער האָט זיכ דערמאָנט פארוואָס ער האָט געוויינט, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צומ

וואָלאָסט=נאָרטנ, טאָמער איז מיקיטעס א כאזערל דאָ ערגעצ נאָענט ארומ,—וואָלט ער אפ דער פרישער שאָ זיכ מיט אימ אביסל צעצאָלט.

אז ער האָט אָפגעגעסנ אָנבײַסנ, איז ער ארײַנ, מײַסע באלעבאָס, אינ הויז ארײַנ, האָט צעעפנט די ברייטע קאמער, ארויסגעשלעפט זיכ דאָס הילצערנע נידעריק ווענעלע, האָט צוריק נאָכ זיכ פארמאכט די טירנ אונ איז אוועק ווי אלע טאָג אפ די פאָדריסקעס נאָכ לאָמאטשע.

## איצל קאטשקע אונ שמערעליכע די אלטע

איצל קאטשקע לייזט פעמש פונ דער גראָבער גנעסיענ זײַנער אלע טאָג, נאָר אונטערגעבנ זיכ האָט ער פײַנט. ווי ער באווײַזט זיכ נאָר אָפרוקנ פונ איר כאָטש אפ וואָסערע צענ טריט, זאָגט ער איר גלײַכ ארײַנ אפ זײַנ קאטשקע=קרעכטשענדיקער, צעראטשקעטער שטימ:

— ה=א=רועכ אינ דײַנ טאטנס טאטנ אונ פאָטער אלע זאכנ!...

זייער רויק זאָגט ער עס איר אָפ אונ מיט פולער ווירדיקײַט.

אויכ איצט האָט ער ניט באוויזנ אָפדאווענענ אונ אויסטאָנ דעמ פארשמאָלצענעמ גרויסנ טאלעס פונ זיכ מיט די טפילנ, ווי זי האָט אימ צוגעשטופט אינ ווינקל, צווישנ דעמ פאָדער=צימער, וו דעמ שאָכנ, דעמ קירזשנערס היטלענ הענגענ אונ צווישנ דער הויז=טיר. דאָרטנ האָט זי אימ אָנגעקאדוימשעט מיט די גראָבע ווייכע קולאקעס, ווי די שטיקער טייג...—עסנ,—האָט זי געזאָגט, וועט זי שוינ אימ געווים געבנ א מאקע, אונ זאָל ער פאָרנ וואָס גיכער נאָכ לאָמאטשע, וואָרומ זי וועט ניט האָבנ מיט וואָס צו פארוקנ דעמ טשאָלנט.

איצל האָט געקרעכטשעט אונ געקרעכטשעט אונטער אירע קלעפ, ווי א כאזער אמאָל, בײַמ א נאָגער כאפט זיכ צו אימ צו. דער נאָגער מיינט, אז ער פיקט, אז ער איז זיכ נויקעמ אינעמ כאזער, אונ דער כאזער קלערט זיכ: „האלעווײַ וואָלט ער מיכ נאָכ אביסעלע אָנגעקראצט"...

קרעכטשעט ער כיעסדיק דער אלטער איצל אונ דערנאָכ רוקט ער זיכ אָפ, מיט זײַנ נידריק גרעבלעכנ ווקס. באמ ארויספירנ דאָס ווענעלע פונ קאמער, נאגוועט ער אינ איינגוועגס ארויס א שטיק ווארעמענ פירפאלעק· פונ שאבעסדיקנ צוקאָריע=טאָפ באקומט ער ארויס א זשמעניע פרישע שווארצע יאגעדעס. אינ דער דייזשע וואסער טונקט ער אָפ יידע קולאקעס, ס'זאָל הייסנ „זיכ געוואשנ צומ עסנ" אונ אז ער פאָרט שוינ צו ביזקעלע סאמע וואָלאָסט, קערעוועט ער זיכ צוריק אויס מיטנ פאָנעמ צו זײַנ שטוב אונ רופט זיכ אָנ, כאמכענדיק, אפ א קאָל אונ אזוי ווי אינ דער וועלט ארײַנ:

— ה=ה=א=רועכ אינ דײַנ טאטנס טאטנ ארײַנ!... האָסטו געהערט א ביסל?!... א רועכ אינ דײַנ טאטנ אונ פאָטער אלע זאכנ!...

דערנאָכ נעמט ער ערשט ארויס פונ בוזעמ די פלעצל מיט די יאגעדעס אונ דערזעט אקוראט ווינדערנ דעמ שטערנזוערנס, ווי ער פאָרט אויכ נאָכ לאָמאטשע.

— ווינדער,—טוט ער א קרעכטשע מיט א כאָמכע איגיינעמ,—ווארט אויס אביסל,—אונ אז זיי גלײַכנ זיכ אויס טוט אימ ווינדער, אזוי ווי אומגערנ א פרעג:

— רעב איצל, פארוואָס האָט עס אײַכ גענעשע אזוי מער-דע-לאכ געשלאָגנ?

איצל וויל אים זאָגנ: „דו, זײַ ניט קיינ שייגעצ!“—אָבער ער איז זיכ מעיאשעוו, אז אים לוינט גאָר ניט זיכ מיט ווינדערנ צו פארקריגנ. ענטפערט ער אים נאָר:

— ע-ע, מע וואָלט מיינענ, אז איכ האָב זיכ פאר איר שטארק דערשראָקנ... זאָרג ניט, איכ האָב איר אָפּגעצאָלט קייפל קיפלײַעמ.

אונ בא איצלענ איז נאָר די באָרד אליינ אלט 50 יאָר. קלאָר, אז ער איז שוינ בא די 70. גרוי איז ער נאָכ ניט. אָבער בייז, ווי אמאָל, מערסטנס—יאָ. זומער-זומערט ער אלע יאָר אינ זשיטאָמיר, ער גייט דאָרטנ ארומ איבער די הײַזער אונ דעמ ווינטער וואלגערט ער זיכ איבער אינדערהיימ. כוצ הײַנטיקס יאָר, וואָס סע איז עפּעס געוואָרנ ניט שטיל אפ דער וועלט.

— זאָגט איר, אז איר האָט איר אָפּגעצאָלט, רעב איצל?

— וואָס זשע דענ, איכ וועל איר שווײַגנ? איכ האָב איר שוינ איינמאָל געגעבנ.

— וואָס זשע האָט איר איר אזוינס געגעבנ?

— איכ האָב איר געזאָגט! נו, ווי דענ, מוירע האָבנ פאר אזא מינ קליפּע, פאר אזא מינ שלאק? ה-ה-א-רועב אינ איר טאטנס טאטנ...

אונ איצל קאמשקענ גלוסט זיכ שוינ זייער א בים טאָג פונ זײַנ פּידפּאליק. אָבער אינ דער זעלבער צײַט וואָלט ער זיכ וועלנ באגיינ אָנ שוטפים.

— ווינדער,—מאכט ער,—גא דיר מײַנ וועגעלע אויכ אונ פאָר. איכ וועל זיכ א קאפּעלע אָפּרוענ.

— איכ האָב צײַט, איכ קענ זיכ אויכ צוזעצנ,—ענטפערט ווינדער מיט א שמאָר-שמיק, אונ נאָכ איידער עפּעס טוט ער זיכ גלײַכ א זעצ אוועק מיט די פיסעלעכ אונ-טער זיכ טאקע דאָ אָ באמ זײַט וועג. דאָס וועגעלע האָט זיכ אָפּגעקאטשעט נאָכ א פּאָר טריט אונ איז אויכ געבליבנ שטיינ.

— דו האָסט שוינ פארזוכט הײַנטיקס יאָר שווארצע יאגעדעכ?

— יאָ, נאָר קיינ פּלעצל האָב איכ נאָכ הײַנט ניט געזעסנ. יאגעדעס האָבנ מיר אליינ אָנגעקליבנ.

— אינ וואלד?

— יאָ, מיר זײַנענ געגאנגענ מיט דער באלעגולעשיכע אונ מיט די מיידלעכ.

— אהא?—אונ זעענדיק, אז ס'איז קיינ אנדער ברײרע ניטאָ, האָט זיכ איצל אײַנגעטאָסטעט לעמ זײַנ וועגעלע אפנ גרינעמ גראָז, האָט ארויסגענומענ פונ בוזעמ דעמ שטיק פּידפּאלעק, א שטיקל האָט ער אָפּגעבראָכנ אונ דערלאנגט ווינדערנ.

ווינדער האָט פונ יויצע וועגנ געזאָגט: „א דאנק, אפ וואָס?“ אונ מע האָט זיכ ביידע זייער רויק איבערגעביסנ.

—אינ זשיטאָמיר,—האָט איצל ארײַנגעוואָרפנ,—האָב איכ, גישקאָשע, גענעסנ אביסל בעסערע אָנבײַסנס. איכ גיי דאָרטנ ארײַנ צומ גרעסטנ גוויר, זעצט מענ מיכ אוועק אפנ קיכ אונ מע גיט מיר דאָרטנ גאָלד שלינגענ... האָרכסטו? ווענ ס'עפנט זיכ צוריק א וועלט, נעמ איכ דיכ מיט קיינ זשיטאָמיר. מיינסט סע בא מיר א באטרעפ? איבער די הײַזער אומעטומ, ווו איכ גיי מיט דיר ארומ, זאָג איכ, אז דו ביסט מײַנ איניקל. אונ דאָרטנ וואָלט, גישקאָשע, פונ דיר געוואָרנ א מענטש.

דערהערט זשיטאָמיר איז ווינדער געוואָרנ ערנסטער. זשיטאָמיר איז דיר ניט אבי וואָס, דאָרטנ גייענ ארומ די גווירנטעס, א קרענק אינ זיי, אינ גאָלע זײַדנס אָנגעטאָנ... קוידעמ קאָל, וואָלט ער דאָרט באשטעלט מינטשיקנ פאר א דינסט צו עמיצנ, דערנאָכ, וואָלט ער זיכ אַליינ אפ עפּעס ארופגעשלאָגנ. אונ ווי ער שלאָגט זיכ אפ עפּעס ארופ, וואָלט ער זיכ געקויפט א פערד, ער וואָלט באזאָרגט די מאמע מיט א שטיקל צושטאנד זי זאָל זיכ פארשפּאָרנ קעסיידער שעלטנ. זי טוט עס ניט פאר ראָסקעש, מע ווייסט עס וויל.

7

ביידע וועגעלעכ זײַנענ שוינ פול מיט לאָמאטשע. ביידע „פערדלעכ", וואָס זײַנענ אַליינ די פורמאנעס, האָבנ מיט צוגעשטעלטע הענט לעמ די שטערנס א קוק געטאָנ צו דער זונ. „פּאָ נאסטאָיאשטשעמו" איז שוינ צײַט געווענ עסנ ווארמעס.

— ס'וועט זײַנ הײַנט א באָד? — האָט איצל, ווי אינ דער וועלט ארײַנ א פרעג געטאָנ.

— מינאסטאמ יאָ, — האָט ווינדער פונקט אזוי געענטפערט, אונ מע האָט אוועקגעשלעפּט די פולע פורלעכ מיט לאָמאטשע אראָפּ א בארג, איבער דעמ שטיינערדיקנ שליאכ.

באַ ווינדערנ זײַנענ די רעדלעכ געקאָוועט ארומ אונ ארומ מיט אײַזנ. טראסקענ זיי באַמ קאטשענ זיכ. אונ באַ איצלענ — קלעפּלענ זיי נאָר אונטער. ביידע זײַנענ זיי געגאנגענ שווײַגנדיק אונ פארנומענ מיט די אייגענע געדאנקענ ביז סאמע שטוב. ווינדער האָט אינ שטוב געפונענ איטלעכנ אונ נאָכ פאר א צוגאָב — שטערליכענ די אלטע.

שטערליכע די אלטע, אַליינ אנ אָרעמע, וואָס לעבט פונ דער שטאָט, פלעגט מענ א וואָכ א וואָכעדיקע ניט זענ אונ ניט הערנ, כוץ פרײַטיק. פרײַטיק פלעג זי ווערנ איינע פונ די אָנגעזעענסטע אונ אָנגעקענסטע לײַט אינ שטאָט. פרײַטיק פלעג זי זיכ, פונ צענ-עלף אזייגער אינדערפרי, אוועקלאָזנ איבער דער שטאָט פונ שטוב צו שטוב. ווו ס'קאָכט זיכ, ווו סע באקט זיכ, אונ ווו סע גרייט זיכ אלץ אפ שאבעס, — דאָרט פלעג זי קלײַבנ פונ רויס, פונ פארטיקס, פונ בארעוועס, פונ פליישיקס, פונ געקאָכטס אונ געבאקנס. געקליבנ האָט זי עס אפ שאבעס אונ אפ א גאנצער וואָכ פונ אירעטוועגנ אַליינ אונ אויכ פונ די איבעריקע אײַנגעשטעלטע קאבצאָנימ ווענג.

זיכ פלעג זי נעמענ ניט מער, ווי ס'האָט זיכ איר אָנגענומענ. כאָטש אינ שטאָט האָט מענ גערעדט, אז אפ טאכריכימ האָט זי זיכ פונדעסטוועגנ אָנגעקליבנ א קניפל. ער ליגט באַ איר אינ קאסטנ אײַנגעוויקלט אינ א קנויל פראזשע.

איצט האָט זי ווינדער גראָדע געטראָפנ. די מאמע זײַנע, די לאנגע שטערנזעערנ, איז געשטאנענ מיט אויסגעשטרעקטע הענט אונ די אלטע שטערליכע האָט איר דערלאנגט דרײַ קליינע כאלעלעכ פונ פארשיידענע אויוונס, פונ פארשיידענע קאָלירנ אונ פארשיידענער געראָטנקײַט. פונ א באזונדער טאָרבעלע האָט זי ארויסגענומענ צוויי קליינע שטיקלעכ פלייש. אפ איינעמ האָט זי געזאָגט „שוינ קאָשער"—אונ אפנ צווייטנ, וואָס זי האָט

אָפגעלייגט באזונדער, אז מע דארפ אים נאָכ ווייקנ אונ זאלצנ... פאר ווינדערנ איז עס ניט געווענ קיינ נײַס. ער האָט דאָכ עס געזענ אלע פרײַטיק. דאָכ האָט פאר אים אלעמאָל אויסגעזענ סוידעספול איר זאק מיט די כאלעלעכ אונ די קליינע טאָרבעלעכ מיט „פריוואַרעק". ווײַטער האָט זי נאָכ געהאט א פיצעלע טאָרבעלע,—אזא בײַטל פונ צײַג אויפגענייט,—מיט גרייטע געלט, מערסטנטייל קופערנע דריבנע מאטבייעס, גאנצ היפשלעכ. דאָס בײַטל איז בא איר געהאנגענ אפ א קנאָפ פונ איר קאָפטע אונ בא דער לינקער זײַט איז בא איר געהאנגענ פארטשעפעט פאר דער אויבערשטער לײַסט פונ קליידל א הילצערנער סוקאָוואטער הענגער מיט אלערליי ביילעוונע ליכט. דער שטערנזעערנ האָט זי אויכ אראָפגענומענ צוויי ליכטלעכ אפ שאבעס אונ פונעמ גרעבערנ זאק האָט זי איר ארויסגענומענ א האלבנ אלטגעבאקענעמ ברויט.

— געזונט זאָלט איר זײַנ,—האָט איר די שטערנזעערנ א זאָג געטאָנ מיט א זיפ, דינ קעלבל,—לאנגע יאָר זאָל אײַכ גאָט געבנ מיט א גוטנ עלטער... עפשער האָט איר נאָכ אביסל לאָקשנ?... אונ איכ וויל אײַכ בעטנ, איר זאָלט קיינמאָל פונ קיינ צאר ניט וויסנ... עפשער א צוואנציק גראָשנ געלט, מײַנע „ווערימ" גייענ אויס נאָכ א שטיקל צוקער...

שמערעליכע מיט די געשוואָלענע צוויי פיס אונ מיט די גרויע שטריקלעכ אפ די אויפגעבלאָזענע שווארצע קאריקוזנ גיט א זיפצ אָפ אונ ענטפערט:

— ניטאָ שוינ די אמאָליקע קויכעס,—זאָגט זי, אינ אלע אינ שטוב זענענ, ווי זי זוכט מיט די אויגנ אנ אָרט אפ זיכ צוזעצנ.—קיינ געלט, געשאָמע מײַנע, וועל איכ דיר הײַנטיקס מאָל ניט געבנ. איכ האָב אסאכ שלאפע אונ נאָכ איינע א געווינערנ אויכ. אביסל לאָקשנ נא דיר מיט גרויפנ געמישט... וואזוי מיטנ יונגל... וואָלסט אים עפשער אָפגעגעבנ צו א באלמעלאָכע... עפשער פאר א שוסטער, אָדער פאר א שנײַדער?...

— צוליב וואָס, מײַנ טײַערינקע, זאָלט איר זיכ נאָר מאטרײַעכ זײַנ אונ דעמ צונג אײַנמידנ. זאָלט איר אים אזוי אָנקוקנ, ווי ס'וויל גיינ עפעס טאָנ. ביפראט ס'ניט אזעלכע יאָרנ.

אזוי האָט די מוטער אָפגעענטפערט.

ווינדערנ געפעלט די אלטע שמערעליכע ביז נאָר אונ ער וואָלט שאָענווײַס אזוי געשטאנענ אונ געקוקט אפ אירע סוידעספולע טאָרבעלעכ, מיט וועלכע זי איז באהאנגענ. ער האָט שוינ אפילע געפוילט בא זיכ, אז ער מוז איינמאָל פאר אלע מאָל ווערנ באוועט מיט איר אייניקל. נאָר איצט, אז דער שמועס איז פארגאנגענ וועגנ אים האָט ער א זעצ געטאָנ מיגמשיקנ, פארוואָס זי האָט עס אזוי אויסגעסאלאָפעט אפ איטלעכנ די אויגנ אונ אליינ איז ער ארויסגעשפרונגענ אפ דרויסנ. ער ווייסט, אז פאר קיינ שוסטער גלוסט זיכ אים טאקע ניט גיינ. אָבער די מאמע זאָגט א ליגנ, אז זי וויל אים באשטעלנ. דער עלטערער ברודער זײַנער, אוורעמל, וואָס די פיאטע פונ דער רעכטער פוס איז בא אים ניט אזוי ווי קיינ פיאטע, נאָר אזוי ווי א צוגויפגעפלעטשעטער קולאק, אזוי ווי א כאלע, וואָס לויפט אויס פונ דער פאָרמע אונ פארבאקט זיכ בא דער זײַט מיט אנ אויסגעקײַלעכיקטנ האָרב. (אפ דעמ אָ פוס אופגייענ א שוכ איז שוינ נאָר ניט פונ די גרינגע זאכנ),—איז אים האָט די מאמע שוינ

צוריק מיט דרײַ יאָר אָפּגעלאָזנ קיינ אמעריקע צום פעטער פאר א שנײַדער, ווײַל ער איז גאָרניט שיקנ אונ עפּשער האָט ער ניט וואָס אויכ, ער קער שוינ זײַנ א בורדיוק פונ א יאָר צוואנציק אוואדע. אונ ער, ווינדער, טראָגט דאָכ עפּעס פונדעסטוועגנ ארײַנ אינ שטוב. אינ מיל איז ער הײַנט ניט נעגאנגענ. ווײַל ס'איז כאָגע,—פאָרנ די פויערים ניט מאָלנ אונ מאָרגנ וועט ער ווײַטער ניט גיינ, וואָרומ ווענ ער גייט שאבעס אינ מיל ארײַנ, וואָלט ער האָבנ א גאָז אינ שטאָט. וויבאלד ער שטייט אינ דער שטאָטס לאסקע קענ ער ניט טאָנ דער שטאָט אפּ צולאָכעס. וועט ער שוינ ערשט גיינ טאָנ-טיק. אונ אז ער וועט ברענגענ די קאפּ מעל איז שוינ די מאמע מיט אימ נישקאָשע אפּאכ בעסער. אָטאָ באלד וועט זי זיכ צעיאָגנ אימ אָפּגעבנ פאר א שוסטער... פאר א שוסטער דארפ מענ זיכ דרײַ יאָר מוטשענ אונ ניט פארדינענ קיינ קאָפּקע. נאָר פאר די קעסט...

שמערעליכע די אלטע האָט זיכ אוועקגעשלעפּט מיט די טאָרבעס אונ מיט די ליכט אפּנ האמשעק, פונ פאָרנט באמ פארטעכ אָנגעטשעפּעט. איצל קאטשקע איז אפּ איר אינקאס, וואָס זי פארגייט צו זיי ניט, זאָגט ער, אז:

— נישקאָשע, ה-ה-א-רועכ אינ איר טאטנ! זי לייגט ארײַנ צו זיכ אינ קענדיכ ארײַנ גענוי-ע-נ.

ער זאָגט עס אָפּ מיט זײַנ צעראטשקעטער שטימ בא זיכ פונ גאנעק אראָפּ הויכ, טאָמער וועט עס שמערעליכע דערהערנ.

—נישקאָשע,—זאָגט ער,—אינ א לײַטישער שטאָט פירט זיכ ניט אזוי. אויב אָרעמע לײַט—זײַנענ אלע אָרעמע לײַט! נישטאָ איינער „צאצע“ אונ איינער „קאקע“, א רועכ אינ טאטנ אונ פאָטער אלע זאכנ.

ווינדער איז איבערגעלאָפּנ דעמ שליאכ צו איצל קאטשקעס שטוב, אז איצל זאָל אימ געבנ די האק. איצל איז ווײַטער געווענ עפּעס אינ קאס, אונ כאָטש מיט ווינ-דערנ האָט ער זיכ ניט געוואָלט פארקריגנ,—ווער ווייסט אימ, וואָס ער האָט אינ אימ אזעלכס דערזענ,—פונדעסטוועגנ האָט ער אימ טאקע די האק ניט געוואָלט געבנ.

גיי,—זאָגט ער,—אינ הארבארגיע (אלקאָנעס הארבארגיע איז מיט זייערע הײַ-זער געווענ, ווי א שטוב מיט אנ אלקער. זיי האָבנ דאָרט קעסיידער צוגעדינגט אונ דאָרט זײַנענ זיי געווענ היימיש, ווי בא זיכ אינ שטוב), דאָרט ליגט באמ סטאמפּ א העקל, וועלנ זיי דיר געבנ. מײַנ האק האָט זיכ אויסגעטעמפּט. גלויב מיר, איכ וואָלט דיר ניט געזשאלעוועט.

ווינדער האָט געפּאקט דאָס דערמאָנטע העקל אונ צעהאקט דאָס ביסל לאָמאטשע. דערנאָכ איז ער ארײַנ אינ שטוב, האָט א שמעק געטאָנ ארומ דער פּאָליצע, וואָס איז א גאנצ יאָר פּייסעכדיק, אויסגעשאָבנ, אויסגעקערט הויל, ריינ אונ נישטאָ אפּ איר גאָרנישט. אינ אויווּנ האָט זיכ שוינ אפּ לײַטיש געלעכטער געהייצט, נאָר ס'איז שוינ דאָס עמעסע הייצעכצ.

— אפּנ ברודער אפּ דײַנעמ דאָרטנ, ריבוינעשעלוילעמ, זאָל אָנקומענ א לויפעניש אונ ס'זאָל אימ נאָר ניט אופהערנ... וואָס שטשיפּעסטו שוינ דאָרטנ די בולקע, שטיק-לעכ זאָל מענ פונ דיר שטשיפּענ...

ווינדער האָט טאקע אָפּגעקאלופּעט א שטיקל הארטע פונ א קוילעטשל. ער האָט זיכ ניט געקענט אײַנהאלטנ אונ ווארטנ ביז אפּדערנאכט. דערנאָכ האָט ער אנ עפּנ געטאָנ

די פארמינגע, איז דאָרטנ געשטאַנענ א שיסעלע מיט א שטיקעלע הערינג, אָפּגעקאָכט מיט קארטאָפל. דאָס האָט, ווײַזט אויס, מינמשיק פונ ערגעצ געבראכט צוטראָגנ. די מוטער האָט ניט געזענ, אָדער זי האָט זיכ געמאכט ניט זעענדיק, האָט ווינדער אָפּ איינ פוס א ביס געטאָנ אונ איז אוועקגעלאָפנ מיט די נערטענער, וואָס פונ יענער זײַט הארבארגיע אונ דורכ דער צינעלגיע מיט די גריבער גלײַכ אינ באָד ארײַנ.

איצל קאטשקע איז שוינ אויכ געגאנגענ מיט אנ איינגענעמ עמער אונ מיט א פרישנ בערעזעווג בעזעמל אונטער דער האנט.

ער איז געגאנגענ, האָט געקרעכעשעט אונ גערעדט צו זיכ אליינ, אז אינ א לײַט־שער שטאָט זײַנענ אלע אָרעמע לײַט אלציינגס. הא־א־רוכ אינ איר פּאָטער! זיכ אינ קענדיוכ ווייסט זי גאָר...

י. פאליקמאנ

# א נאָמענ

(דערציילונג)

שוינ דעם דריטנ מעסלעס האָט געבושעוועט דער ים. כוואַליעס האָבנ זיכ געקייקלט, ווי רעווענדיקע, צעפּאַטלטע כײַעס, וואָס האָבנ זיכ פונ קייטנ אָפּגעריסנ, א וואָרפ זיכ געטאָנ אינ לעצטנ שפּרונג אפנ פלאַכנ שטיינדלדיקנ ברעג און צוריק אוועקגעפּויזעט מאַכטלאָזע, שטילע. נאָר דער ים האָט אַלצ געיאָגט און געיאָגט שוימיקע כוואַליעס, איינע גרעסער פונ דער צווייטער, אז ס'האָט אַזש דעם אָטעם פאַרכאַפּט קוקנדיק אפ זיי. נידעריקע וואָלקנס האָבנ זיכ געטראָגנ איבערנ הימל, צעפלאָכטענע, גרויע, געוואָרפנ זיכ אינ אַלע זײַטנ, ווי זיי זאָלנ אויכ זיכ האָבנ דערשראָקנ פאַר אָט דעם קאָכיקנ צאָרנ אונטנ און ניט וויסנ זיכ וווּהינ אַהינטאָנ. א ווײַסע מעווע האָט דורכגעשוועבט דורכ די וואָלקנס, א פאַל געטאָנ צומ ים, ווידער זיכ א הייב געטאָנ און זיכ אוועקגעטראָגנ צו דער טונקעלער קייט בערג, וואָס איז געשטאַנענ ארום... די מעווע האָט אויכ געקענט באַשטימענ, אז אפ די ווילדע פעלדזנ איז איצט זיכערער...

און דער ים האָט געקאָכט. ווענ מע האָט זיכ אײַנגעהערט אינעם רוישנ פונ די כוואַליעס, האָט מענ אינ דעמ געקענט הערנ דעם געשריי פונ זיכ טרינקענדיקע מענטשנ, דעם לעצטנ פײַפ פונ אַנ אונטערגייענדיקער שיפ, דאָס מאָלנ זיכ פונ אונטער־וואַסער־שטיינער; אינעם געלויפ פונ די כוואַליעס האָבנ זיכ געדוכט ווײַסע, ציטערדיקע הענט, וואָס שטרעקנ זיכ אויס פונ דער קאָכיקער טיפ און ווערנ טייקעף צוריק פאַרגאָסנ. ס'האָט אָנגעטריבנ כווישעכדיקע געדאַנקענ.

אפ די בלוי־געפאַרבטע בענק באַם ברעג זײַנענ געזעסנ מענטשנ און געקוקט אפנ שטורעמ. געזעסנ איז מענ אפ א בעקאָוועדיקנ מעהאַלעכ, ווײַל פונ די שוימיקע כוואַליעס האָבנ געזאַלצענע טראָפּנדלעכ געשפּריצט אינ אַלע זײַטנ, ווי קאַלטע נאָדלעכ, און דורכגענעצט די לײַכטע, זומערדיקע אָנצוגנ.

דורכ דעם טירל אינעם געמויערטנ פּלויט פונ פּאַרק, וואָס האָט זיכ אַראָפּגעלאָזט צומ ברעג, איז ארויסגעגאַנגענ אַנ עלטערער מאַנצבל פונ א יאָר פופציק, א הויכער, א גלאַט־אָפּגעגאָלטער מיט ליכטיקע, געדיכטע ברעמענ, וואָס זײַנענ געווענ עטוואָס אונטערגעהויבנ און פונ וואָס זײַנע לעבעדיקע, קאַרע אויגנ האָבנ באַקומענ עפּעס אַנ אויס־

דרוק פונ פײַנלעכער נײַנעריקײַט. ער איז געגאנגענ אָנגעטאָנ אינ א שטרויענער שליאפע אונ אינ א לײַכטנ בלויענ העמדל, וואָס איז געווענ צעשפּיליעט באמ האלדז; אינ דער האנט האָט ער געהאלטנ א שיינ=געשניצט שטעקל, נאָר מע האָט געזענ, אז ער פלײַסט זיכ ניט אָנשפּארנ זיכ אפ דערופ—ער איז שוינ טאקע אנ עלטערער מענטש, א קראנקער, נאָר ער שטארקט זיכ נאָכ, ער גיט זיכ ניט אונטער. אייניקע אָפּרוענדיקע, וואָס זײַנענ געזעסנ באמ ברעג, האָבנ געוווּסט, אז דאָס איז סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש, זײַנ זונ איז א קינסטלער אונ דער פאָטער רוט דאָ אָפּ מיט אימ צוזאמענ.

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט א קוק געטאָנ אפנ יאמ, ווי ער שטורעמט, שטײַנ געבליבנ א רעגע א פארגאפטער אונ געזענ האָט מענ, אז ער האָט אינ אָט דער קורצער רעגע מיט א מינ מאָדנער באגײַסטערונג פארקריצט אינ זיכ די גאנצע שיינקײַט אונ גרויזאמקײַט פונ דעמ ארומ. זײַנ פּאָנעמ מיטנ עטוואָס צעעפנטנ מויל האָט א שײַנ געטאָנ, נאָר ס'האָבנ זיכ בא אימ עטוואָס א בייג געטאָנ די קני, ער האָט זיכ דערמאָנט אינעמ שטעקל אונ פאמעלעכנ אויסגעדרייט דעמ קאָפּ—א זוכ געטאָנ אנ אָרט אפ זיכ אוועקזעצנ. ערטער זײַנענ געווענ אומעטומ, אייניקע אָפּרוענדיקע האָבנ זיכ אפילע אביסעלע א רוק געטאָנ, נאָר ער האָט אָפּגעשטעלט זײַנ בליק אפ א ווײַטער באנק, ווו ס'איז אײנע אליינ געזעסנ אנ עלטערע פרוי אונ א פארקלערטע געקוקט אפנ יאמ. עפּעס האָט אימ א ריר געטאָנ דאָס, וואָזוי די דאָזיקע פרוי איז געזעסנ אינגאנצנ א פארשטיינערטע אינ עק באנק אונטערגעשפּארט מיט א האנט די קינ אונ געקוקט אפנ שטורעמ מיט ברייט=צעעפנטע, גרויסע אויגנ, וואָס טוענ אפילע קיינ פינטל ניט, ווי זי זאָל דאַרפנ עפּעס לייענענ אינ צעבושעוועטנ יאמ, ווי אפ די שוימיקע כוואליעס זאָלנ טראָגנ זיכ אירע עפּעס גאָר באזונדערע, נאָר טרויעריקע געדאנקענ...

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש איז פאמעלעכנ צוגעגאנגענ צו דער באנק אונ זיכ אוועקגעזעצט. נאָר די פרוי האָט עס עפּעס אזוי ווי ניט באמערקט, קיינ אכט דערופ ניט געלייגט. ערשט, ווענ זי האָט, ווי פונ קעלט, א הייב געטאָנ די אקסלענ אונ מיט א דאַרער האנט פארנומענ די וואָלענע שאל, וואָס איז געווענ אָנגעוואָרפנ אפ אירע פלייצעס, האָט זי א קוק געטאָנ אפנ מאנצבל, וואָס האָט זיכ נעבנ איר אוועקגעזעצט אונ לענגער אביסעלע פארהאלטנ אפ אימ דעמ שטילנ, אומעטיקנ בליק פונ אירע גרויסע, שווארצע אויגנ, וועלכע האָבנ אפילע איצט, שוינ עלטערלעכע, מיט בלאָזלעכע קנייטשעלעכ ארומ זיי, נאָר געטײַעט עפּעס א טיפנ ווארעמענ אָפּשײַנ פונ געוועזענער שיינקײַט. סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט עטוואָס א באוועג געטאָנ מיט די ברעמענ, אנ עפנ געטאָנ דאָס מויל אונ איז זיצנ געבליבנ אזוי מיט א פארשטיינערטנ אויסדריק אפנ געזיכט, ווי בײַמ א פאראליטיש—דער דאָזיקער בליק פונ דער פרעמדער פרוי האָט געהאט אינ זיכ אזא מאָדנע, פלוצעמדיקע ענלעכקײַט מיט אנדערע אזעלכע צוויי גרויסע שווארצע אויגנ, וועלכע האָבנ אמאָל=אמאָל, נאָכ אינ דער ווײַטער יוגנט, אָנגעצונדנ א שטארק פײַער אינ זײַנ הארצנ, אונ כאָטש זיי זײַנענ שוינ לאנג געווענ צוגעמאכט אונ פארדעקט מיט ערד, האָט ער נאָכ אלצ געטראָגנ זייער לײַדנשאפטלעכ פײַער אינ זיכ, ווי א ווונד, וואָס ווערט קיינמאָל ניט פארהיילט. איצט האָבנ די דאָזיקע אויגנ פונ דער פרעמדער פרוי זיכ צוגערירט צו זײַנ אלטער ווונד אונ זי שטארק צערויעט. די פרוי האָט זיכ אָפּגעקערעוועט אונ א צונויפגעבויגענע, א פארוויקלטע אינ דער שאל גענומענ קוקנ אינ שטורעמדיקנ יאמ.

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטשנ האָט זיכ שטארק פארוואָלט צערעדנ זיכ מיט דער דאָזיקער פרוי, דערוויסנ זיכ כאָטש עפּעס וועגנ איר, דערהערנ איר שטימ. ער האָט געפילט א מאָדנע, פּײַנלעכע נויטווענדיקײַט דערינ. די ענלעכקײַט אפ יענער ווײַטער ליבע זײַנער האָט זי אימ עפּעס געמאכט נעענטער, אייגענער. די פרוי האָט געקוקט אינ יאמ. סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט איבערגענומענ דאָס שטעקל אינ דער צווייטער האנט, זיכ עטוואָס צוגערוקט צו דער פרוי, אָבער אלץ עפּעס ניט געקאָנט אָנהייבנ רעדנ צו איר. זײַנ הארצ האָט שטארק געקלאפּט. ער האָט א טראכט געטאָנ, אז מאָרגנ וועלנ שוינ די דאָקטוירימ געפינענ מיסטאמע, אז ער האָט זיכ צופיל געערגערט אונ דארפ אָפּרוענ, מע וועט אימ הייסנ איבערליגנ. נאָר א מינ מאָדנע אונ שוידערלעכע צופעליקײַט! ער האָט זיכ צוגעקוקט צומ פּראָפיל פונ אָט דער דאָזיקער אלטער פרוי אונ געפינענ אינ אימ עפּעס נאָכ ענלעכס צו יענער. די נאָז—פּונקט אזא, א גלײַכע, מיט א קאמ-מערקבארנ האָרביקל. איצט איז זי בא די אויגנ געווענ עטוואָס אײַנגעשניטנ, זעט אויס, זי טראָגט א בריל... דאָס מויל האָט עפּעס אויכ געהאט א ווײַטע ענלעכקײַט. ער האָט געוווסט, אז ס'איז אלץ צופעליק, אונ עפּשער איז זי גאָרניט ניט אזוי ענלעכ אויכ, וויפל ער מאָלט זיכ עס שוינ. נאָר א קעלט האָט אימ אינגאנצנ דורכגענומענ.

ער האָט געזאָגט די ערשטע פראזע, וואָס איז אימ ארײַנגעפאלנ אינ קאָפּ ארײַנ:

— א יאמ, הא, א מינ קראפט ער האָט אינ זיכ...

— יאָ...—האָט די פרוי שטיל געזאָגט אונ ניט אָפּגעריסנ איר פארקלערטנ בליק פונ די כוואליעס.

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט א ציטער געטאָנ—די שטימ האָט זיכ אימ אויכ אויסגעוויזנ ענלעכ. ער האָט דערפילט א שרעקלעכנ ווייטעק. ער האָט מיט דער ציטערדיקער האנט שטארקער זיכ אָנגעכאפּט פארנ שטעקל אונ עס מיט קויעכ אָנגעשפּארט אינ דער ערד. נאָר ער האָט באנאנד מיט דעמ געפילט עפּעס א שטארקע נויטווענדיקײַט רעדנ, רעדנ צו דער דאָזיקער פרוי. עפּעס האָט אליינ געשטויסנ די ווערטער פונ אימ אונ ער האָט זיכ אָנגערופנ נאָכ א קורצער פּאוזע, אינ וועלכער ער האָט שווער איבערגעכאפּט דעמ אָטעמ:

— אונ שטעלט אײַכ פאָר, אז נעכטנ האָט מיר א היגער פישער געזאָגט, אז סע וועט הײַנט אופהערנ שטורעמענ... לאָזט זיכ אויס, אז א פישער קאָנ אויכ א טעות האָבנ... דער שטורעמ איז דאָכ נאָכ שטארקער געוואָרנ, שרעקלעכ א קוק צו טאָנ...— ער האָט גערעדט אונ אליינ אפילע רעכט ניט געוווסט וואָס. ווענ מע זאָל אימ באלד א פרעג טאָנ, וואָס ער האָט נאָר-וואָס געזאָגט, האָט ער שוינ אליינ ניט געדענקט. זײַנ געדאנק איז אימ געווענ פארנומענ מיט דערמאָנונגענ, וואָס האָבנ מיט זייער גאנצער שווערקײַט אָנגעפלייצט אפ אימ.

— פארוואָס?—האָט די פרוי זיכ שטיל אָנגערופנ,—מעגלעכ, אז ער איז געווענ גערעכט, דער פישער... סע קענ נאָכ הײַנט אופהערנ אויכ... ס'איז יאמ...—זי האָט א קוק געטאָנ אפ איר שאָכנ פונ דער באנק מיט אנ אופמערקזאמענ בליק, א מער אופמערקזאמענ ווי פריער. אפילע מיט א ביסעלע נײַגיר אונ פארוווּנדערונג. נאָר זי האָט זיכ באלד אָפּגעקערט אונ, דוכט זיכ, נאָכ מער אנ אומעטיקע, א פארגליווערטע, גענומענ קוקנ אינ דער מוטנער, גרויער ווײַט...

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט פונ איר ניט אראָפּגענומענ זײַנע הייסע אויגנ, אינ וועלכע ס'האָט געציטערט א פײַנלעכ פײַערל. דאָס געגאָלטע פּאָנעם זײַנס איז געוואָרנ קרענקלעכ אונ בלאס. ער האָט פיבערדיק געזוכט בא זיכ, וואָס נאָכ עפּעס זאָגנ דער פרוי אונ אלצ ניט געפונענ קיינ פּאסיקערס ווי פאָרצוזעצנ דעם געשפּרעכ וועגנ יאם. ער האָט געזאָגט:

— פונדעסטוועגנ וואָלט איכ וועלנ ס'זאָל נאָכ שטורעמענ אפילע א וואָכ צײַט, כ'האָב דאָס זייער ליב. אינ דעם שטורעמדיקנ יאם הער איכ אזויפיל מוזיק, אזויפיל ריזיקע אָרקעסטערס שפּילנ פאר מיר די סאמע לײַדנשאפטלעכסטע, סאמע טראגישסטע אונ אײַנצײַטיק אויכ די סאמע הערלעכסטע סימפאָניעס. איבערהויפּט באנאכט, ווענ מע זעט קימאט ניט דעם יאם אונ נאָר א בליצ באשײַנט די צעשטורעמטע סטיכיע... ווּנדערלעכ... איר זײַנט געכטנ אפדערנאכט געווענ באם יאם?

די פרוי האָט אומבאשטימט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ. דערנאָכ האָט זי זיכ אָנגערופנ:

— איר זײַנט א מוזיקער?

— אביסל...

— אפ וואָס שפּילט איר?

— אפ א פידל.

זי האָט געשוויגנ אביסעלע, מיט דער דארער האנט צונויפגענומענ די שאל בא דעם האלדז. סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט אויכ געשוויגנ, ער האָט מיט ווייטעק געקוקט אפ איר פּראָפיל, וואָס האָט זיכ געזענ אפנ פאָנ פונ די שוימיקע כוואליעס, וועלכע האָבנ געהאלטנ אינ איינ אָנלויפנ אפנ ווײַסנ אויסבויג פונעם ברעג. די כוואליעס האָבנ אזוי ווי ארויסגעטראָגנ פונ ערגעצ א צווייטנ יונגנ צארטנ פּראָפיל פונ א פרוי, אנ ענלעכנ אפ דעם...

די פרוי האָט געזאָגט שטיל, עטוואָס נאָר א הייב געטאָנ די אקסלענ:

— מיר דוכט, אז א פידלער קאָנ ניכער ליב האָבנ איבערגעבנ א שפּילנ יאם, א ברייטנ אונ אומענדלעכנ, וואָס שנײַדט ערגעצ ווײַט, ווײַט איבער מיט א גלײַכנ פאס דעם הימל־ראנד, מיר דוכט, ס'איז אינ דעם פאראנ אזויפיל בענקעניש... עפּעס שטענדיק, ווענ איכ הער א פידל, שטעלט זיכ מיר פאָר א פּוסטער ברעג אונ א פרוי, וועלכע בענקט נאָכ עמעצנ, וואָס איז אוועקגעפאָרנ ערגעצ אפ יענער זײַט יאם אונ קערט זיכ ניט אום...

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט מיט באפרידיקונג באמערקט בא זיכ, אז ס'איז א פארשטענדיקע, א קולטורעלע פרוי אונ ס'וועט מיט איר זײַנ גוט פארברענגענ דעם כוידעש צײַט, וואָס ער דארפ דאָ זײַנ אפ קוראָרט. ער האָט געזאָגט, קעדיי ניט איבערײַסנ דעם געשפּרעכ:

— איר זײַנט שוינ דאָ לאנג אפנ קוראָרט?

— דעם דריטנ טאָג.

— אונ איכ בינ דאָ מיט א טאָג מער,—האָט סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש באמערקט,—איר פאָרט אָפּט אהער?

— דאָס ערשטע מאָל,—האָט די פרוי געזאָגט אונ עפּעס מיט אזא װארעמקײַט א

קוק נעמאָנ ארומ זיכ, כּיִעסדיק א הייב געטאָנ די אקסלענ,—גאָר ס'איז דאָ גוט... א גלענצנד אָרט!

—אָט, אָט, דאָס וואָלט געדארפט הערנ מײַנ זונ, וואָלט ער אײַכ געדריקט די האנט,—האָט סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש זיכ א כאַפּ געטאָנ. ער האָט דערזענ, אז זײַנ שליאפּע איז אראָפּגעפאלנ אפ דער ערד, האָט ער פּאמעלעכנ, אָנשפּארנדיק זיכ אינעמ שטעקל זיכ אָנגעבויגנ אונ זי אופגעהויבנ.—ער איז א קינסטלער,—האָט ער געזאָגט, אָפּרייניקנדיק מיט דער האנט די פארשטויבטע ראנדנ,—איז ער טאמעש פארליבט אינ דעמ אָרט, ער זאָגט אפילע, אז דער יאמ בײַט דאָ עטלעכע מאָל אינ טאָג דעמ קאָליר... קינסטלער, זיי קאָנ זיכ דאָס אויסווײַזנ אויכ... ער איז דאָ איינמאָל געווענ, מײַנ מישעמישע, פאָרט ער שוינ אהער אלעמאָל אונ שלעפּט מיכ אויכ מיט...

— מישעמישע?—האָט די פרוי איבערגעפרעגט.

— יאָ, ער הייסט מישעמישע... איר כידעשט זיכ, וואָס ס'איז בּא אימ אזא מאָרגער נאָמענ?

— פארוואָס עפּעס א מאָדנער?—האָט די פרוי שטיל אָפּגעענטפערט,—גאָרנישט... א צארטער נאָמענ...

— אָט, אָט,—האָט סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש זיכ א כאַפּ געטאָנ,—דאָס האָב איכ טאקע געוואָלט זאָגנ,—א צארטער נאָמענ... כ'האָב אינ אימ ארײַנגעלייגט דעמ גאנצנ טרויער נאָכ א מענטשנ, וואָס איז מיר זייער טײַער געווענ...—די פרוי האָט האסטיק א קוק געטאָנ אפ אימ מיט אירע גרויסע, טרויעריקע שווארצע אויגנ, זי איז בלאס געוואָרנ, צי ס'האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ. עפּעס האָבנ זיכ אפילע, דוכט זיכ, טרערנ באוויזנ אפ אירע ווּיעס אונ די צארטע נאָזלעפלעכ האָבנ אופגעציטערט א ציטער געטאָנ, נאָר זי האָט באלד אָפּגעקערט דאָס געזיכט.

— איר מעגט דאָס אויפהערנ,—האָט סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש אינגאנצנ א צעטרייסלטער געזאָגט,—ס'איז זייער א טרויעריקע געשיכטע... אינ דער הײַנטיקער וועלט קאָנענ שוינ אזעלכע זאכנ ניט פּאסירנ, נאָר הערט, ווי איבער א נאָמענ בינ איכ אומגליקלעכ געוואָרנ אונ א צווייטנ מענטשנ האָט, עפשער טאקע דאָס, וואָס ווער ווייסט, פונ דער וועלט פארטריבנ...

ער איז אנשווינג געוואָרנ א טיפ-אופגערעגטער מיט א פּײַנלעכער גרימאסע אפנ געגאָלטנ געזיכט, ווי ער זאָל זיכ אײַנהערנ אינ עפּעס א ווייטעק, וואָס קומט אופ טיפ אינ אימ אלץ שטארקער אונ שטארקער. ער האָט געקוקט אפ דער פרוי, וואָס איז געזעסנ א פארגליווערטע. ער האָט געוואַרט זי זאָל זאָגנ, אז זי איז אײַנשטימיק צו הערנ. די פרוי האָט דאָס דערפילט אונ ווי אנ אופגעוועקטע פונ עפּעס א פארטראָגנקײַט שטיל געזאָגט:

— דערציילט...

— איר קערט פארשטיינ, אז ס'איז געווענ לאנג,—האָט סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש אָנגעהויבנ,—אז מײַנ מישעמישע, א דערוואקסענער, טראָגט שוינ א נאָמענ נאָכ איר... נאָכ יענעמ מיידל... ס'איז געווענ אזוי, מיט א דרײַסיק יאָר צוריק... פארוואָס, אפילע איינונדרײַסיק... אָט פונקט שפּעטער מיט עטלעכע טעג וועט טאקע ווערנ איינונדרײַסיק יאָר... איכ בינ געווענ א יונגל, וויאזוי זאָל איכ אײַכ זאָגנ, ניט אזוי וואָס שטארק א געבילדעטער, נאָר אנ אנטוויקלטער, צו יענע יאָרנ האָט עס שוינ געהייסנ

אסאכ... כ׳וויים, נעקענט אביסל דײַטש, געלייענט אסאכ רוסישע ביכער, נו, פונ ייִדישע איז דאָכ שוינ אָפּגערעדט... מײַנע עלטערנ זײַנענ געווענ ניט וואָס גאָר קיינ רײַכע, נאָר אזוי, פארמעגלעכע מענטשנ, מע האָט זיכ אינ שטעטל מיט זיי גע=רעכנט... איכ האָב פונ קליינווײַז אָנ געשפּילט פידל. פריער זיכ, פארשטייט זיכ, גע=לערנט בא יאָסל דעם קלעזמער, דערנאָכ בא אנ אלטנ משעכ, וואָס האָט געוווינט הינטערנ שטעטל. ער האָט שטארק גוט פארשטאנענ מוזיק און ער האָט מיר בעפיירעש אסאכ געגעבנ... איכ דערמאָנ נאָכ איצט זײַנ נאָמענ מיט א מינ אײַליקנ געפיל. ווענ ער פלעג א נעמ טאָנ דאָס פידל אינ די הענט, פלעג ער אינ מײַנע אויגנ פארוואנדלט ווערנ אינ א מינ צויבער=מענטש.

— יאָ, איז ווענ איכ בינ, הייסט עס, אזוי געוואָרנ א ייִנגל פונ א יאָר אכצנ, נײַנצנ און טאטע=מאמע האָבנ גענומענ קלערנ פונ כאסענע מאכנ מיכ, האָב איכ בא זיכ פעסט באשטימט, אז אויב כאסענע האָבנ, וועל איכ נאָר לויט א ליבע... איר ווייסט דאָכ דעמאלט, ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט שאדכאָנים, מיט נאדנ, מיט א שושקענ זיכ בא אונדז אינ אלקער... און איכ האָב מיר באשטימט אזוי: אָפּזאָגנ די עלטערנ און ניט פאָרנ אָנקוקנ א קאלע, ווענ עס קומט א שאדכנ, מוינ ניט, זיי קאָנענ נאָכ ווערנ אינ קאס, וועל איכ בעסער אָנקוקנ און זאָגנ, אז סע געפעלט מיר ניט... דאנ וועט מענ שוינ קענענ מײַנ ווילנ ניט גיינ. ס׳איז בא אונדז פאָרט געווענ אנ אינטעלי=גענטע שטוב און איכ בינ בא מײַנע עלטערנ געווענ אנ איינוניינציקער... וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ, כ׳האָב אָנגעקוקט א גוטנ צענדליק קאלעס פונ גריצעוו און אלט=משאָר=טאָריע, פונ סיניאווע און פונ מיראָפּאָל, אליינ בינ איכ געווענ אנ אלט=קאָנסטאנטי=נער, און סע געפעלט מיר ניט,—אינ איינ קאָל—זיי געפעלנ מיר ניט!

— מיילע, האָב איכ באקומענ א שעמ פונ אנ איבערקלײַבער, נאָר די שאדכאָנים זײַנענ פונ מיר ניט אָפּגעשטאנענ. וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ. ווענ סע פלעג קומענ א שאדכנ אינ שטוב ארײַנ—איכ פלעג שוינ א שאדכנ דערקענענ פונעמ ערשטנ בליק— פלעג איכ פארציפּעניעט ווערנ, איכ בינ אימ גרייט געווענ אויסרײַסנ די באָרד מיט די פּייעס און ארויסוואַרפנ אימ פונ שטוב אפ צוויי שפּענדלעכ. נאָר גיי טו, ס׳איז ניט איצט, מע איז געווענ געפּענטעט איבער די פיס און די הענט, איר ווייסט דאָכ, מע דארפ נאָכ צושמייכלענ, מע דארפ נאָכ זאָגנ „זיצט“. און דאָס הארצ, פיל איכ, ווערט מיר צעשפּרונגענ פונ ווייטעק און פאר פארדראָס, ווײַל געווענ בינ איכ ניט קיינ נאריש ייִנגל, כ׳האָב גאָר געטראכט אוועק=פאָרנ אינ א גרויסער שטאָט, ווידמענענ זיכ אינגאנצנ מוזיק, דערשלאָגנ זיכ עפּשער צו עפּעס; כ׳האָב געטראכט, אז אויב שוינ יאָ פארבינדנ זיכ, איז מיט א מענטשנ, וואָס וועט מיר טײַער זײַנ, א מענטשנ, וואָס וועט מיכ אינגאנצנ פארשטיינ, וועט וויסנ אלע סטרונעס מײַנע, ווי פונ א פידל, א מענטשנ, וואָס וועט גרייט זײַנ גיינ מיט מיר אינ פײַער און אינ וואסער... מיט איינ וואָרט...—סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט שווער איבערגעכאפּט דעמ אָטעמ. די פרוי איז געזעסנ ווי אנ אויסגעגאָסענע פונ שטיינ, געקוקט אינ שטורעמדיקנ יאמ, וואָס איז זיכ פארגאנגענ אפ די העכסטע אָקטאַוועס, גע=וואָרפנ גאנצענע וואלנ וואסער אפנ ברעג. א רעגע האָט זיכ סאָלאָמאָנ מארקאָוויטשנ אויסגעוויזנ, אז זי איז אינגאנצנ פארכאפּט פונ דעמ דאָזיקנ גרויזאמענ בילד און אז זי הערט אפילע ניט, וואָס ער רעדט. א לײַכטער שוויס איז אימ ארויסגעטראָטנ

אפנ שטערנ. נאָר די פרוי האָט עטוואָס א באַוועג געטאָנ מיטנ קאָפּ אינ זײַנ זײַט אונ מיט א לײַכטער באַוועגונג פונ דער האַנט געגעבנ צו דערפילנ, אז זי הערט, אונ סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט פאָרגעזעצט:

— מיט איינ וואָרט... איכ בינ איינמאָל געקומענ קיינ ליובאר,—איר האָט מיסטאמ ניט געהערט, פאראנ אזא שטעטל אינ וואָלינ,—איכ בינ געקומענ קיינ ליובאר אָנקוקנ דעמ היגנ קאזיאָנע ראבינערס א מיידל. א שיינע, ווײַט ניט קיינ נארישע, ענדיקט, צי זי האָט שוינ געענדיקט ציינדאָקטער־קורסנ, ס'הייסט, אז ווענ ס'זאָל ניט צוגיינ דורכ א שאדנ, ווענ דער דאָזיקער האָריקער נימעסער נעפעש מיט די רויטע, פארקיסנעטע אויגנ, מיטנ שווארצנ רעבע־היטל אונ מיטנ פארשמאָלצעוועטנ סערדעט זאָל מיר ניט געווענ פונ פריער נאָכ אָנמאָלנ טויזנט אונ איינ נאכט וועגנ דעמ דאָזיקנ מיידל, ווי שיינ זי איז, ווי קלוג אונ געבילדעט, ווענ ער זאָל מיר ניט געווענ אויסרעכענענ אלע אירע מײַלעס מיט אזעלכע עקלדיקע אָנצוהערענישנ, אונ אָנרופנ אלע אירע ברידערס מײַלעס אונ דעמ טאטנס אונ זיידנס מײַלעס, וואָלט מיר עפשער געווענ אונטערגענאנגענ דער דאָזיקער שידעכ. זיצ איכ אזוי מיט דעמ ראבינערס מיידל בא זיי אינ זאל, ס'איז זומער, דער פענצטער איז אָפנ אונ איכ טראכט מיר דעמ דאָזיקנ געדאנק מײַנעמ. איכ הער ווי איר טאטע דרייט זיכ אומ אינ צווייטנ צימער אפ די שפּיצ פינגער, ער הערט זיכ אײַנ, זעט אויס, וואָס מיר רעדנ אונ איר מאמע, א גראָבע יידענע, האָט שוינ עטלעכע מאָל אליינ ארײַנגעטראָגנ עפּל, געבעקס, אלצ צוליב דעמ, קעדיי האָבנ א מעגלעכקײַט א בליק טאָנ וואָס מיר טוענ אונ איכ פיל, אז עס באשלאָגנ מיכ אנגסטנ. אונ דאָס מיידל—זי איז אויכ בלאס, דערשראָקנ, די אויבערשטע ליפּ צוקט זיכ בא איר עטוואָס פונ אופרעגונג אונ סע מאכט זי עפּעס מיעסער. קוימ וואָס מיר קלעפּנ ווענג עפּעס א שמועס... פלוצעמ גיט זיכ אנ עפנ די טיר אונ סע טוט א וואקס אויס אפ דער שוועל א יונג מיידל, א שיינהײַט. וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ, ווי אזוי איכ בינ געזעסנ האָב איכ דערפילט, אז ס'האָט מיכ ווי מיט א בליצ דורכגענומענ. זי האָט געמאכט א טראָט אונ איז שטיינ געבליבנ א פארלוירענע—זי האָט מיכ דערזענ. וואָס אירע גרויסע שווארצע אויגנ האָבנ אינ דער דאָזיקער רעגע אויסגעדריקט קאָנ איכ אײַכ ניט איבערגעבנ, נאָר זיי זײַנענ אפ שטענדיק אָט אזעלכע פארבליבנ אינ מײַנ הארצנ. זי איז בלאס געוואָרנ, עפּעס אזוי זיכ א בויג געטאָנ, ווי זי זאָל פלוצעמ האָבנ ארײַנגעטראָטנ אינ קאלטער וואסער אונ פונ פארלוירנקײַט צוגעטראָגנ א צארטנ נאָגל צו די ציינ. יאָ, איכ האָב אלצ באמערקט אינ דער דאָזיקער רעגע אונ ס'האָט זיכ בא מיר אפ שטענדיק פארקריצט אינ זיקאָרנ. צוויי שווארצע געדיכטע צעפּ זײַנענ אראָפּגעהאנגענ אפ אירע אקסלענ, דאָס מויל האָט זי געהאלטנ עטוואָס אָפנ, ווי ס'זאָל איר אויספעלנ לופט. כ'האָב נאָכ אזא שיינקײַט ניט געזענ.

אינ שטוב איז, פארשטייט זיכ, גלײַכ געוואָרנ א פארלוירנקײַט, דעמ ראבינערס טאָכטער, מע האָט זי גערופנ בעלע, האָט געגעבנ א שטיי אופ, ווי מע זאָל זי טרעפנ כ'ווייס אליינ ניט בא וואָס, אפ דער טיר האָט זיכ באוויזנ איר טאמע—א בייזע אונ א רויטע ווי א צוויק. דאָס ארײַנגעקומענע מיידל האָט ניט געוווּסט וווּהינ זיכ אהינטאָנ. נאָר ס'איז דורכגעגאנגענ די ערשטע מינוט, אלע זײַנענ אביסל געקומענ צוזיכ, געקומענ איז צוזיכ אויכ דאָס ארײַנגעקומענע מיידל.

— אנטשולדיקט מיר, בעלע,—האָט זי זיכ אָנגערופנ אונ איכ האָב דערפילט, אז איר שטימ קלינגט פאר מיר, ווי די בעסטע ליד,—אנטשולדיקט מיר, טאָמער שטער איכ אײַכ... כ'האָב ניט געוווּסט... כ'קאָנ...

די ראבינערס האָבנ געמוזט פארבײַסנ א ליפּ אונ זאָגנ, אז נײנ, וואָס הײסט זי שטערט, אדעראבע זאָל זי זיצנ... אזא סקאנדאל, מע האָט זיכ פארטראכט אונ פארגעסנ פארמאכנ די דרויסנ-טיר!

דאָס מײדל האָט זיכ אוועקגעזעצט אפ א ברעג בענקל, זי האָט זיכ דאָ געפילט זײער ניט גוט, נאָר אוועקגײנ איז שוינ אויכ ניט שײנ. זי האָט שוינ פארשטאנענ וואָס דאָ קומט פאָר. זי האָט פונ דער זײַט, ווי ניט בעקיוונ, א פּאָר מאָל א קוק געטאָנ אפ מיר אונ דאָס האָט מיכ אָנגעפילט מיט א מאָדנער פרײד. צוליב אָנשטענדיקײַט האָט מענ זי שוינ באקענט מיט מיר אויכ. זי האָט מיר אויסגעשטרעקט א ווײַסע דינע האנט אונ קוקנדיק אינ א זײַט מיט אירע וונדערלעכ-שײנע שווארצע אויגנ א שעפּטשע געטאָנ:

— טשעטשע...

איר האנט האָט מיכ א ברי געטאָנ, אזוי איז זי הײס געווענ. כ'האָב זי צוגעהאלטנ א רגע אונ געזאָגט האָבנ מיר אײנס דעמ צווײטנ אינ דער דאָזיקער קורצער רגע מער ווי מיט אָנ א שיר רײד.

טשעטשע איז געזעסנ עטלעכע מינוט, דערנאָכ האָט זי זיכ געזעגנט אונ אוועקגעגאנגענ. די ראבינערס האָבנ לײַכטער אָפּגעאָטעמט. די מוטער איז אפ די שפּיצ פינגער ארויסגעגאנגענ פונעמ זאל אונ ווידער מיכ געלאָזט מיט בעלענ. אונ ווידער האָבנ מיר זיכ בײדע דערפילט עפּעס ווי פארשפּארט ווי אינ א שטײַג. איצט איז בלויז נאָכ גרעסער געווענ די פּוסטקײַט אינ מײַנ הארצנ—כ'האָב געפילט א טויבע נאָגעניש אונ א פארדראָס, כ'האָב זיכ נאָכ אלײנ ניט מוידע געווענ אינ דעמ, נאָר כ'האָב שוינ געבענקט נאָכ טשעטשענ... אונ באלד האָט זיכ דאפּקע בײַ אונדז פארבונדנ א שמועס מיט בעלענ, זי איז, זעט אויס, געווענ ניט קײנ שלעכטע, אָנ אָפּגעהערציקע אונ אלײנ ניט ווייסנדיק פארוואָס עפּעס מיר גענומענ דערצײלנ פונ איר באַווערטע, פונ טשעטשענ. כ'האָב געשלונגענ אירס יעדנ וואָרט. כ'בינ נאָכ אזוי אָפּגעזעסנ אנטקעגנ א שאָ, זיכ געזעגנט גאנצ פײַנ אונ אוועקגעגאנגענ אינ אכסאניע, ווו איכ האָב זיכ אָפּגעשטעלט. אינ געדאנק האָב איכ איבערגעקליבנ דאָס ביסל ידיעות, וואָס איכ האָב זיכ דערוווּסט וועגנ טשעטשענ. איר פאָטער איז א קאסיר בײַ א וואלד-סוחר, ניט קײנ רײַכער. זי האָט נאָכ אײנ שוועסטער, א קלענערע, ראָכל. קײנ מוטער איז ניטאָ. נאָר מערער נאָכ אײדער בעלע האָט מיר דערצײלט, האָב איכ אלײנ געזענ, אלײנ דורכגעלײענט אינ טשעטשענ—כ'האָב איבערגעלײענט אזא מאָדנעמ טרויער, וואָס האָט מיכ פארנ הארצנ א ריר געטאָנ, א מינ אײנזאמקײַט. כ'האָב דערפילט אינ איר עפּעס אנ אײגנס, אזא מינ נאָענטקײַט, אז כ'קאָנ גאָרניט איבערגעבנ.

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט גערעדט מיט א שטילער אופגערעגטער שטימ, מיט קויעכ געשטויסנ די ווערטער פונ זיכ. ער האָט די גאנצע צײַט געשארט מיטנ שטעקל אנ ארומגעשליפנ יאמ-שטײנדעלע, וואָס איז געלעגנ בײַ זײַנ שוכ אונ געקוקט אפ דעמ, ווי ער זאָל בלויז צו אָט דעמ דאָזיקנ קלײנעמ שטײנדעלע רעדנ. ער האָט קײנ קראפט ניט געהאט אינ זיכ אופהויבנ דעמ קאָפּ אונ א קוק טאָנ אפ דער פרוי, כאָטש

ער האָט די גאַנצע צײַט געהאַט א שטאַרקן פאַרלאַנג אויפמערקזאַם, אָפּן א קוק טאָן איר אין פּאָנעם אַרײַן. מער פון אַלץ האָט ער זיך געשראָקן פאַר אירע אויגן, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ שטאַרקע ענלעכקײַט צו משעמשעס.

— כ'בין געקומען אין אַכסאַניע, האָט זיך מיר פאַרוואָלט שפּילן. מיר דוכט, אַז כ'האָב נאָך קיינמאָל אָפּ מײַן לעבן אַזוי ניט געשפּילט, ווי דעמלט. כ'האָב געפילט, אַז עס זײַנען מיר עפּעס ווי פליגלען אויסגעוואַקסן בײַ די אַקסלען און כ'הייב זיך אויף מיטן פידל איבער דער ערד, ערגעץ העכער פון די וואָלקנס. די גאַנצע צײַט איז פאַר מיר געשטאַנען משעמשעס געזיכט—אַזאַ קראַפט האָט עס אין זיך געהאַט. אפילע איצט, ווען איך צעשפּיל זיך אַמאָל, און פאַרגעס זיך אינגאַנצן, דערזע איך פאַר זיך, ווי ווײַטע פײַערלעך אין א טיפער נאַכט, אירע אויגן... כ'ווייס ניט וויפל כ'האָב אַזוי געשפּילט, נאָר מיטאַמאָל האָט מיך עפּעס געצווּנגען א בליק טון אין פענצטער, כ'האָב א קוק געטאָן און דערזען דאָרט דורכגיין אָפּן טראָטואַר משעמשען—א שלאַנקע, א גראַציעזע, האָט זי געטראָגן איר וואַנדערלעך־שיינעם קאָפּ מיט אַזאַ ווירדע און מילדקײַט, אַז איך בין אַזש פאַרקילט געוואָרן אָפּן אָרט. עפּעס ווי מײַן שפּילן אַליין וואָלט זי אַראָפּגעבראַכט אַהער. און—אָ, ס'אַרא גליק!—זי האָט לײַכט און ניט בעקיוון א קערעווע געטאָן איר קאָפּ און דערזען מיך בײַם פענצטער מיטן פידל. זי האָט א שטילן שמייכל געטאָן, א שמייכל, אין וועלכן ס'איז עפּעס געווען אַ פרייד, אַ טיפער אומעט, לײַכט, לײַכט, קוים מיטן אויג צו כאַפּן א נויג געטאָן דעם קאָפּ און איז דורכגעגאַנגען... כ'בין געשטאַנען בײַם פענצטער א פאַרצאַפּלטער ביז אין דער שפּעטער נאַכט—נאָר זי האָט זיך מער ניט באַוויזן.

— נו, איר ווייסט דאָך אַמאָל—דאָס איז ניט אָנשטענדיק און יענס איז ניט שיין. אַרויסגיין, געפינען משעמשען, פאַרפירן מיט איר א געשפּרעך—דאָס זײַנען דאָך אַלץ געווען אַמאָל אומדערגרייכבאַרע זאַכן. און כ'בין אין א פרעמדער שטאָט, געקומען צו איינער און פיר זיך אַרום מיט א צווייטער, וואָס וועלן לײַט זאָגן... עס קען נאָך אָנפירן שלעכטע רייד אָפּ משעמשען אויך. האָב איך אָפּ מאָרגן קאַיאָר געהייסן שפּאַנען פערד און האָב אַוועקגעיאָגט אַהיים. כ'האָב די עלטערן אָפּ־הערציק דערציילט פון אַלץ, זיי האָבן זיך געריסן די האָר אָפּן קאָפּ, וואָס הייסט, ווי טוט מען עס אָפּ אַזוי דעם ראַבינער, אַוועקגעפאָרן אפילע אָן א זײַ געזונט, א כאַרפּע, א שאַנדע און וואָס איז דאָס פאַר א מיידל, וואָס איך האָב דערזען. ווער קען זי, וועמעס איז זי. איך טײַנע איינס, אַז זי איז א קאַסירס א טאָכטער, א לײַטישע, א פײַנע און זיי מיר—ווער קאַסיר, וואָס פאַר א קאַסיר. האַקלאַל, איך מעלדע מיטן האַרבן וואָרט, אַז ס'וועט גאָרנישט ניט העלפן, איך וויל נאָר אָט דאָס דאָזיקע מיידל. און סע בלײַבט, אַז מע וועט דערווײַל שיקן א מענטשן אַזוי זיך, ניט צוליב פירן א שמועס ווענן א שידעך, נאָר זיך דערוויסן, אָנשמעקן, וואָס איז דאָס פאַר א מיידל...

— איידער איך האָב זיך דערוואַרט זעען צוריק אָט דעם דאָזיקן רויטן ייִדן מיט די פאַרקיסנטע אויגן. נאָר ער איז געקומען און ס'איז מיר גלײַך לײַכטער געוואָרן אָפּן האַרצן—דאָס מיידל איז א פײַנס, אפילע זייער א פײַנס, אַלע זאָגן עס אין שטעטל און דער פאָטער אירער, שמועל דער קאַסיר, איז א פײַנער ייִד, און א מישפּאָכע א פײַנע. נאָר וואָדען, די קאַלע איז אַן אָרעמע—זי האָט נאָר א קליינעם נאַדן. דער טאַטע קנייטשט זיך, די מאַמע פאַרוואַרפט מיט הענט און מיט פיס, די מאַמע איז בײַ מיר געווען

אביסעלע א קאפריזנע. אָבער מיר האָבנ זי אײַנגעשטילט, איכ אונ דער טאטע. דער טאטע האָט געהאלטנ מײַנ זײַט, ער האָט מיכ עפּעס מיטגעפילט.

— קורצ, ס'איז מיט מאזל ווידער אוועקגעפאָרנ דער שאדכנ. איכ גיי ארומ ווי אינ א נאנײדנ, איכ האלט אינ איינ ארויסקוקנ. אָבער דער שאדכנ איז געקומענ צודיק אונ איכ האָב דעמ יאָרנ ניט דערקענט—שווארצ ווי די ערד, עפּעס דערשראָקנ אונ פינצטער...—וואָס איז?—אנ אומגליק, א באַשערטע זאכ פונ גאָט...—וואָס־זשע?—די קאלע... די קאלע הייסט איינ נאָמענ מיט דער שווינער—מיט מײַנ מאמענ, הייסט עס!—ווי־אזוי?! טשעטשע?!—ניט טשעטשע, נאָר ציוויע הייסט זי, טשעטשע איז פארצויגנ פונ ציוויע אונ ציוויע הייסט מײַנ מאמע, טאָר קיינ שידעכ ניט זײַנ.

— ווענ מע זאָל מיר געווענ מיטאמאָל אָפּהאקנ דעמ קאָפּ, וואָלט מיר אזוי פינצטער ניט געוואָרנ, ווי ווענ מע האָט מיר אויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער. אונ די מאמע מײַנע—זי איז זיכ גאָר פארגאנגענ אינ א היסטעריק, וואָס הייסט, זי איז געשטאנענ פאר אזא סאקאָנע, אזא ניסיוינע.

— די טעג זײַנענ אוועקגעגאנגענ פינצטערע, וויסטע, איכ טשאכנע, איכ גיי פונ דער שטוב ניט ארויס, איכ בינ אויס מענטש. די דאָזיקע טענ:ע, וואָס איז מיטאמאָל אויסגעוואָקסנ אפ אונדזער וועג, האָט נאָכ שטארקער געמאכט מײַנ ליבע צו טשעטשענ. האקלאל, מײַנ פאָטער זעט, אז ער האלט מיט מיר שמאָל, הייבט ער זיכ אופ אונ פאָרט אוועק צו א רעבנ. עפּשער וועט יענער געבנ א האסקאָמע אפ א כאסענע. נאָר ניינ, דעמ רעבנ איז ניט אײַנצוברעכנ! פאָרט ער צו א צווייטנ רעבנ, פאָרט ער צומ לאדיזשענער אונ צומ סקווירער, אונ אליינ צומ בויאנער—נאָר ס'איז ווי אינ א וואנט ארײַנ— ניינ אונ פארטיק, ס'איז א גרויסע סאקאָנע, איינע פונ זיי קאָנ אוועקגיינ פונ דער וועלט!

— קאָלזמאנ דער טאטע פאָרט אומ צו די ראבײַימ, האָב איכ זיכ דערוווּסט גענומענ איבערשרײַבנ מיט טשעטשענ. איינ בריוו אונ נאָכ א בריוו, איכ שרײַב אונ זי ענטפערט מיר, אונ יעדער בריוו איז א שטיק הארצ, א וויינענדיק שטיק הארצ, אנ אויג, וואָס ווערט צערונענ פונ טרערנ... ווײ, א מינ לײַדנדיקע זי איז געווענ, א מינ ליבע, א מינ הארציקע, אונ ווי מיר האָבנ פארשטאנענ איינס דאָס צווייטע, נאָר גײ, אז ס'איז צווישנ אונדז אזא וואנט.

— ווענ דער טאטע האָט זיכ ארויסגעשלאָגנ פונ די קויכעס פונעמ אומפאָרנ צו די ראבײַימ אונ מיר זײַנענ געבליבנ בא איינ ברײרע, אז מיר מוזנ זיכ צעגיינ, האָב איכ אָנגעשריבנ א בריוו טשעטשענ, א בלוטיקנ בריוו אונ געבעטנ אנ ענטפער. זי האָט מיר געענטפערט אונ געבעטנ שוינ איינ זאכ—מיר זאָלנ זיכ אופהערנ שרײַבנ, ס'איז ניט באשערט זיכ צונויפגיינ, דארפ מענ פארגעסנ איינס דעמ צווייטנ. נאָר גיי פארגעס, אז זי איז מיר אזוי אײַנגעבאקנ אינ׳ הארצנ. שרײַב איכ נאָכ א בריוו אונ באקומ ניט קיינ ענטפער. איכ שרײַב ווידער—קיינ ענטפער קומט ניט. שרײַב איכ נאָכ אונ נאָכ, אונ טשעטשע רופט זיכ ניט אָפּ. צי לייענט זי כאָטש מײַנע בריוו, עפּשער ווײַזט מענ זיי איר אפילע ניט?

— האקלאל, איכ בינ געפאלנ אפ א פארצווייפלטנ געדאנק, איכ האָב גענומענ

די עלטערנ, אז איכ פאָר צו קיינ קיִעוו, עפשער זיכ אביסל צעזייענ די גערדאַנקענ, מיטגענומענ מיט זיכ אביסל געלט אונ שטילערהייט פארקערעוועט קיינ ליובאר. ס'איז בא מיר געבליבנ, אז אויב משעמשע וועט נאָר איינשטימענ, זאָלנ מיר נעמענ אונ אוועקפאָרנ קיינ אמעריקע. כ'האָב זיכ שוינ אפילע דערעדט מיט א מענטשנ, וואָס האָט אונדז צוגעגרייט שיפס=קארטעס אונ געוואַרט נאָר אפ אונדזער קומענ...

— פונ אונדז קיינ ליובאר האָט מענ געדארפט פאָרנ דורכנ שטעטל אָסטראָפּאָל, סע ליגט אנ ערעכ אפ האלב וועג. אינ אָסטראָפּאָל איז געווענ א מארק=טאָג, ס'זיינענ זיכ צונויפגעפאָרנ אסאכ יארידניקעס פונ אלע ארומיקע שטעטלעכ. איכ הייב אָנ זוכנ א פור אפ ליובאר, ווייזט מענ מיר אָנ אפ איינעם א יונגערמאנ, וואָס שפאנט שוינ די פערד. איכ גיי צו צו אים,—סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט איבערגעכאפט דעם אָטעמ, זיינ שטימ האָט א ציטער געטאָנ,—איכ גיי צו, איכ פרעג אימ—איר זיינט א ליובארער?—א ליובארער.—איר פאָרט באלד?—באלד.—עפשער קענ מענ מיט אייכ צופאָרנ קיינ ליובאר?—מע קענ... צו וועמענ פאָרט איר?—טוט ער מיכ א פרעג.—מ... מ... אינ אכסאניע... איר וועט מיכ צופירנ צו דער אכסאניע...—גוט.. שפאנט ער ווייטער די פערד, קלייבט צונויפ דאָס ביסל היי אפ דער ערד. איכ קוק אפנ ליובארער יונגערמאנ אונ פיל, אז אפילע ער, אָט דער דאָזיקער ווילד=פרעמדער מענטש, וואָס איז נאָר פונ איינ שטעטל מיט משעמשענ, איז מיר איצט אזוי נאָענט, ווי אנ אייגענער ברודער... וויפל—א דריי=פיר שאָ פאָרנ—אונ כ'וועל זיינ דאָרטנ אונ ווידער זעענ משעמשענ...

— מיטאמאָל האָב איכ ניט אויסגעהאלטנ אונ א פרעג געטאָנ:

— זאָגט, זייט מויכל, שמיִעל דעמ קאסיר קאָנט איר?

— וואָס הייסט צי איכ קענ אימ?—פארוואונדערט זיכ דער יונגערמאנ,—א ליובארער, ווִיאזוי=זשע... ס'האָט אימ, נעבעכ, געטראָפנ אנ אומגליק, שמילנ...

— וואָס?—טו איכ זיכ א כאפ.

— א טאָכטער... א טאָכטער איז בא אימ געשטאָרבנ יענע וואָכ...

— ס'האָט מיר אָפּגענומענ הענט אונ פיס.—ווער, ווער איז געשטאָרבנ?—האָב איכ א געשריי געטאָנ.

— וואָסי, איר זיינט אנ אייגענער,—האָט דער יונגערמאנ זיכ פארלוירנ,—כ'האָב ניט געוווּסט... משעמשע... צי ווִיאזוי מע האָט זי גערופנ...

— משעמשע?!...—אונ איכ געדענק ניט, וואָס ס'איז מיט מיר ווייטער געווענ. איכ בינ אומגעפאלנ צווישנ די פורנ, ווי א פארבלאָנדזשעטער, ארויסגעגאנג אינ פעלד, כ'בינ מיסטאמ געגאנג לאנג, ביז אפדערנאכט... עפעס א פרעמדע פארשפעטיקטע פור האָט מיכ ארופגענומענ אינ וועג... עפעס ווייס איכ ניט, ווִיאזוי כ'האָב זיכ דערלאנגט אהיימ, כ'בינ געווענ, ווי א מעשוגענער אונ זיכ נאָר ארייננגעשלאָגנ איינ געדאנק, אז איכ מוז אוועקפאָרנ... אונ איכ בינ טאקע אוועקגעפאָרנ קיינ אמעריקע.

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש איז אנטשוויגנ געוואָרנ אונ שטיל א קוק געטאָנ אפ דער פרוי. זי האָט געהאלטנ אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ, זי איז עפעס שטארק בלאס געוואָרנ פאר דער צייט, וואָס ער האָט גערעדט, דוכט זיכ, אפילע די האָר זיינענ בא איר ווייסער געוואָרנ... ער האָט זיכ דערשראָקנ פאר איר אונ עפעס אליינ, ניטוויסנדיק פארוואָס, פאָרגעזעצט מיט א ציטעריקער שטימ, פאָרגעזעצט, אבי ניט שווייגנ:

— אָט דערפאַר האָב איכ מײַנ זונ אָנגערופנ משעמשע... איכ בינ דערנאָכ געקומענ צוריק פונ אמעריקע... די יאָרנ גייענ... נאָר...

מיטאמאָל האָט די פרוי גענעבנ א קערעווע אויס צו אימ איר בלאָס געזיכט, אירע שווארצע גרויסע אויגנ האָבנ געפלאַקערט, זי האָט אינגאנצנ געציטערט אונ מיט ביידע דארע, ווײַסע הענט, געשניצטע ווי פונ בײַנ, זיכ אָנגעכאַפּט אינ דער שאַל, וואָס איר אראָפּגעהאנגענ אפ אירע אַקסלענ.

— סאָלאָמאָנ!—האָט זי עפּעס ניט קיינ זאָג, נאָר א קרעכצ געטאָנ.

סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש האָט א ציטער געטאָנ. ער איז אופגעשפרונגענ, ער האָט דערפילט, אז די האָר שטעלנ זיכ אימ אופ אפנ קאָפּ, ער האָט געמיינט, אז ער ווערט מעשוגע...

נאָר די פרוי האָט איבערגעכאַזערט איר קרעכצ:

— סאָלאָמאָנ!—אונ זי האָט מיט פײַערדיקע אויגנ געקוקט אפ אימ,—אכ, פארוואָס זײַט איר דאָנ ניט דערפאָרנ ביז ליובאר... ס'איז דאָכ געשטאָרבנ מײַנ שוועסטער, ראָכל... משעמשע לעבט!

— משעמשע!—האָט סאָלאָמאָנ מארקאָוויטש א געשריי געטאָנ,—משעמשע!

א שווערע, גרינגע כוואַליע מיט א שוימיקנ רוקנ, וואָס האָט זיכ אופגעהויבנ, ווי פונ דער סאמע יאמ-טיפעניש, האָט מיט אלע קויכעס זיכ א וואָרפ געטאָנ אפנ ברעג אונ, רעווענדיק פארהילכט דעמ ארומ. א שארפער בליצ האָט דורכגעשניטנ די וואָלקנס אונ דעמ יאמ אונ דעמ ברעג אונ שטארק באלויכטנ סאָלאָמאָנ מארקאָוויטשנ אונ די פרוי, משעמשעס, וואָס זײַנענ פארציטערטע געשטאַנענ איינס קעגנ צווייטנ מיט אויסגעשטרעקטע הענט. ערגעצ אינ בערג האָט זיכ אָנגעהויבנ קויקלענ א דונער.

---

ה. שוועדיק

# יאַם-לידער

## דער יאַם און דאָס בלויערל

איך האָב געזען די ווונדערלעכע פריַינטשאַפט
פונעם שווארצן יאַם
מיט אַ קליינעם בלויערל,
דער יאַם האָט אים שפּייז געוואָרפן צום ברעג
און דאָס בלויערל האָט געפּיקט,
געפּיקט, געדאנקט און געשפּרונגען...
דער יאַם איז גרויס־גרויס,
דאָס בלויערל קליין-קליין,
און די פריַינטשאַפט איז רירנד־שיין.
וויַיזט אויס, אז דער יאַם איז גוואלדיק-איינזאַם
און האָט זיך ניט ווו אהינטאָן.
דערפאר האָט ער פריִער געקלאָגט און געברויזט
און געוואָלט פון די ברעגן ארויס.
איצט איז אים גוט מיט זיַין קליינינקן פריַינט
איז ער מאָדנע שטיל
און ווי ס'בלויערל בלוי.

אויב זיַין וועל איך ווען עס איז איינזאַם אליין
און מיַין הארץ וועט נאָגן און טרויערן,
וועט ווערן מיר גוט
ווען איך וועל זיך דערמאָנען
די פריַינטשאפט פון יאַם
מיטן בלויערל

---

## דער יאַם און די ערד

מע זאָגט, אז דער יאַם האָט פיַינט די ערד,
און דאָס איז ריכטיק, אפּאָנעם.
איך האָב געזען ווי טעמפּ און שווער
ער שליַידערט איר שטיינער אין פּאָנעם.

איך האָב געזען ווי מיט שוים אפ די ליפּן
זידלט ער זי און ער שעלט,
נאָר ווי ניט איר מיינט מען, זי קוקט אָן פאריבל
וואָס ער צעקערט עס א וועלט...

נאָר אויב, ווי מע זאָגט, ס'איז די ערד אים ניט טײַער,
איז פּארוואָס אזוי אָפט שטילערהייט
לאַשטעט ער זיך, ווי א הונט א געטרײַער
און קושט דעם ברעג פון איר קלייד?..

און בעט זיך בא איר אונטערטעניק מעכילע
פאר זײַן נעכטיקער מעשוגאַס,
ווײַזט אויס, אז אים בראָט, וואָס ער קאָן ניט אפילע
ארײַנברענגען זי אין קאַס.

וואָס זי וויל ניט ריידן מיט אים קיין צוויי ווערטער
און ס'איז איר איינגאנצן אלציינס,
צי ווען א הונט א געטרײַער ווערט ער,
צי ווען ער קאָכט, אז ער וואָלט זי פארשטיינט...

---

## פּארוואָס רוט ניט אײַן דער יאם

ס'איז נאכט, נאָר ס'רוט ניט אײַן דער יאם
(און ווען ער איז רויק געלעגן...)
עס רוט אין אים ניט. קאם נאָך קאם
ער שלײַדערט צו די ברעגן...

ווי זאָל ער אײַנליגן דער יאם? —
אים פּײַניקט דער געוויסן...
דערפאר, ווײַזט אויס, וואָלט ער אצינד
זײַן אייגן לײַב צעריסן.

דאָס זעט ער איצט אין גרויסער נאכט
די אומשולדיקע שיפן...
דערפאר איז נארעש ווען מע זאָגט,
אז זײַנע כוואַליעס שטיפן,

אז ס'איז שוין גאָרניט אזוי קלאָר,
אז שוים אפ כוואליעס טראָגט ער. —
ער רײַסט אפ זיך די גרויע האָר
אין ברעגן א פאריאָגטער.

## מײַן געזעגענונג מיטן יאם

ס'איז רירנד געווען די געזעגענונג מײַנע
מיטן שווארצן יאם.
ער האָט געהאלטן צו מיר אין איין טײַנען,
פארוואָס איך האָב הײַנט זיך פארזאמט.

דערנאָך איז ער מאָדנע רויִק געוואָרן
און שטיל מיך געוויגט אין זײַן וויג.
יאם אפ הינטער, יאם פון פאָרנט,
יאם בא די זײַטן ליגט.

דערנאָך איז ער מיך מעכאבעד געוועזן
מיט זײַן געזאלצענעם ווײַן,
אזוי, אז עס איז אין מײַן גאנצן וועזן
זײַן געזאלצנס ארײַן.

איך האָב גוט פארשטאנען מײַן כאווער —
פון שטענדיק א טײַערן גאַסט,
איז מען באם שוועל פון שטוב מעכאבעד
מיט ברויט און זאלץ.

ער האָט ניט קיין ברויט, איז גיט ער מיר אָפּעט
דאָס, וואָס ער פארמאָגט.
כ'האָב העפלעך באדאנקט. נאָר מער א טראָפּן
טרינקען זיך אָפּגעזאָגט.

דערנאָך, ווען ארויס כ'בין פון יאם פון שווארצן
איז אזא מײַן ווארט געווען:
„ביסט אײַנגעבאקן געווען אין מײַן הארצן
נאָך איידער איך האָב דיך דערזען.

ווו איך זאָל איצטער מײַן טראָט ניט שטעלן
פארליבטערהייט אפ מײַן ערד —
דײַנע קאָלירן וועלן מיר פעלן,
דײַן רוישן, וואָס איך האָב געהערט"...

דערנאָך בין איך זייער לאנג געשטאנען
און אלץ געקוקט אפן יאם.
און ער האָט זייער גוט פארשטאנען
פארוואָס איך האָב דאָ זיך פארזאמט.

———

# די נײַע ליד וועגן יאַמ

מע פלעגט די אַלטע ליד וועגן יאָמ
זינגען אַנערעכ
אַזוי:
אפ יענער זײַט יאַמ איז אייביקע ליכט,
אפ דער זײַט יאַמ
גרוי.

אפ יענער זײַט יאַמ טײַכן פונ ווײַנ,
טײַכנ פונ מילכ
רינען.
ס'איז ערגעץ פאַראַנ אַזאַ צויבער־לאַנד —
ס'איז מערניט אימ שווער צו געפינען.

טויזנטער יאָרנ האָט מענ די ליד
געזונגען אפ אַלע אויפאַנימ,
מע האָט שוינ אופגעהערט גלויבנ אינ דעמ,
אַז ס'איז אַזאַ לאַנד
פאַראַנען.

נאָר קעדיי ס'זאָל אַ טראָפּעלע ליכטיקער זײַנ
האָט מענ די ליד געזונגען
אונ ס'פלעגנ זיכ לאָזנ אפ יענער זײַט יאַמ
פאַרטרוימטע
גלויביקע יונגען.

וויל איכ די נײַע ליד וועגנ יאַמ
זינגען פאַר אַלעמענ איצטער:
אפ דער זײַט יאַמ איז אייביקע ליכט,
אפ יענער זײַט יאַמ
פינצטער.

עס רינענ דאָ ניט קיינ טײַכנ פונ ווײַנ,
נאָר דאָס איז גאָרניט וויכטיק,
טרינק אויס די רייניע לופט פונ מײַנ לאַנד,
וועט ווערנ דיר פריילעכ אונ ליכטיק.

איכ זינג צו דעמ לאַנד, וואָס אפ דער זײַט יאַמ—
צומ פאַרביקנ רעגנבויגנ,
צומ לידער־לאַנד, צומ סאָוועטנ־פאַרבאַנד —
צומ ליכט פונ מײַנע אויגנ.

---

כאנע לעווינ

# אלאָע

פאראנ א קווייט. איר נאָמענ איז אלאָע,
נאָר זעלטנ ווער עס רופט זי אזוי אָנ,
מע רופט זי „דאָקטער", איר שטענגל גרינלעכ גרויער,
אינ בלעטער-פינגער לאנגע אָנגעטאָנ.
ס'האָט קיינער ניט געזענ, אז זי זאָל אמאָל בליִענ,
אונ עפשער ניט באמערקט מ'האָט עס, פראָסט אונ בלויז,
אונ דוכט זיכ נאָר זי ציטערט:
ס'זאָל קיינעמ ניט באמיִענ.
אונ שטילערהייט די פינגערלעכ—די בלעטער שטעקט ארויס.
וואָס דארפ דאָס קווייט?—דאָס קלענסטע אונ דאָס מינדסטע:
אביסל וואסער נאָר—אמאָל אינ זיבנ טעג.
זי וואקסט אינ יעדנ אַרט, אפילע אינ דער פינצטער,
אבי נאָר ווארעמקייט א קאפעלע איר קלעקט.
דעריבער אָפט, פארגעסט מענ זי אינדרויסנ
אפילע די, וואָס צערטלענ יעדער קווייט,
וואָס פאָרזיכטיק פונ מויל באשפריצנ פוסטע רויזנ,
אונ היטנ אָפ פונ ווינט, ווי קינדער, שטילערהייט.
זיי פארגעסנ אויכ די גרויענקע אלאָע.
ניט שיינ איז זי—אָנ רייעכ, אָנ בליִונג אונ אָנ פראכט,
אונ זוכט זי ניט קיינ בינ אינ זונענדיקע שאָענ,
אונ אויכ דער סאָלאָוויי דערזעט זי ניט באנאכט.
נאָר ווענ א וווּנד א בלוטיקע צערייַסט אמאָל די הויטנ,
אונ דארפ מענ גיכע הילפ, אונ דארפ מענ פרישע קראפט,
מע קומט צו דער אלאָע אינ אלע גרויסע נויטנ
אונ שנייַדט מענ אירע פינגער, אונ ס'הײלט די וווּנד איר זאפט.

אזוי ביסטו מײַנ אלטינקע, מײַנ טײַערע, מײַנ מאמע,
מיט ברויגעזדיקנ ברעמ, מיט דער פארוועלקטער ליפ,
מיט דײַנע אויגנ שטילע אָנ פארבנ אונ אָנ פלאמענ.
נאָר איכ, איכ איינע ווייס ווי דו קאָנסט האָבנ ליב.
ווי אָפט פארגעס איכ דיכ, אונ לאָז אליינ דיכ בענקענ
מיט שווײַגנדיקע ווענט אינערגעצ אינ דער ווײַט.
איכ בינ מיט זיכ אליינ פארכאפט, מיט אומרויִקער שײַנקײַט
פאַרליבט אינעמ געװוּל פונ אונדזער גרויסער צײַט.
אונ דו האָסט מוירע פרעגנ, פרעגנ אָדער זאָגנ,
אויסוואָרפנ, דערמאָנענ, אז דו ביסט אויכעט ווערט
אביסל ווארעמקײַט, וואָס ברייט איכ וויל צעטראָגנ
פאר מאנ, אונ קינד, אונ כאווער, פאר דער גאנצער ערד.
נאָר יעדעס מאָל, ווענ ס׳קומט צו מיר א טרויער
איכ לויפ צו דיר באנאכט, איכ קלאפ אָנ אינדערפרי,
צו דיר מײַנ אלטינקע, מײַנ טײַערע אלאָע
אונ שטיל מײַנ ווייטיק דאנ אינ דײַנע דארע קני.

# באנאכט

— אלטע באבעס וויגנ קינדער,
יונגע מאמעס ניט.
ליו, ליו, ליו, א האָז אינ ווינטער
האָט געפלאָנטערט טריט.

ווו, וווהינ איז ער געלאָפנ?
כ׳האָב געזאָגט. א סאָפ.

אז א מאמע הייסט דיר שלאָפנ,
איז געענדיקט. שלאָפ.
אפ די הענט זיכ בעטנ וויגנ,
איז ניט שיינ. געדענק.
גולי, גולי, גולי, גולי,
א מאמע דארפ זײַנ שטרענג.

מאָרגנ פרי מיכ ווארט אנ ארבעט,
שײַנט א שטערנ הויכ.
זײַנ א שטרענגע דארפ מענ קאָנענ,
זײַנ א מאמע אויכ.

אפ די הענט וועל איכ דיכ נעמענ,
שטרענג כ׳האָב שוינ גערעדט.
פאר דער נאכט כ׳וועל זיכ ניט שעמענ,
קיינער הערט ניט. זעט.

ליגן העזעלעך צוזאמען,
אויגעלעך פארדריקט.
מיך האָט אויך געוויגט מײַן מאמע,
א דאנק איר פאר דער וויג.
ליגן העזעלעך צוזאמען,
הערן גאָרנישט ניט.
האָב מיך ליב, ווי איך מײַן מאמע,
און געדענק מײַן ליד.

---

א. נאָוויקאָוו־פריבוי

# אינ בוכטע „אָטראדא“

אפ די כוואליעס פונ באלטישנ יאמ האָט זיכ מעסיק געוויגט אונדזער דאמפער, בײַקומענדיק דעמ אנטקעגנדיקנ ווינט אונ די נאכט־פינצטערניש, האלטנדיק א קורס צו די ווײַטע ברעגנ פונ ענגלאנד, אונ אינ קאיוט־קאָמפאניע, בא דער שײַנ פונעמ עלעקטרישנ לעמפעלע, האָט דער באיאָרטער, דיקער מעכאניק דערציילט מיר זײַנ געשיכטע.

* * *

... איכ בינ—אויב איר ווילט וויסנ—א מענטש א פרידלעכער. אינ דער צײַט, ווענ אנדערע האָבנ צוזאמענשטויסנ אונ מאכנ סקאנדאלנ, האָב איכ ליב האלטנ נייטראליטעט. דאָס איז שוינ אינ מײַנ כאראקטער. וועגנ פאָליטיק האָב איכ נאָר ליב הערנ, אָבער איכ פארנעמ זיכ קימאט ניט מיט איר. מײַנ זאכ איז—ארבעט אונ גאָר. דאָס איז בא מיר פונ קינדווײַז אָנ, פונ דאָרפ, ווו איכ האָב צוזאמענ מיטנ פאָטער אסאכ ערד איבערגעדרייט.

איכ דארפ זאָגנ, אז אינ מיליטער־דינסט איז מיר גוט געגאנגענ. אָנגעהויבנ האָט איכ אלס מאטראָס פונ צווייטנ ראזריאד, ווי עס פאסט פאר אונדזערנ א ברודער, אונ אפנ צווייטנ יאָר האָב איכ שוינ געשוווּמענ אלס קאָטשעגאר. דערנאָכ, אדאנק מײַנ סטארענ זיכ, האָב איכ זיכ דערשלאָגנ, אז מע האָט מיכ באשטימט אינ דער שול פונ מאשיניסטנ פאר זעלבשטענדיקער אָנפירונג. אינ צוויי יאָר ארומ האָב איכ זי מיט דערפאָלג געענדיקט. ווײַטער איז שוינ אוועק פונ זיכ אליינ: כ'האָב זיכ דערדינט ביז א שיפ־קאָנדוקטאָר, אונ נאָכ דער רעוואָליוציע באקומענ דעמ טיטל מעכאניק. עמעס, צוליב דעמ איז מיר אויסגעקומענ פאטערנ איבער צוואנציק יאָר אײַנגעשפארטע פראצע. פאר דער צײַט איז אויסגעקומענ אזאכ שיפנ איבערבײַטנ. כ'האָב געשוווּמענ אפ פאנצער־שיפנ, קרייסערס, מינענ־שיפנ, אונטערוואסער־שיפנ. אונ כ'וועל זאָגנ, ניט באַרימענדיק זיכ, אז די גאנצע שיפ־מעכאניקע בינ איכ דורכגעגאנגענ אינ דער פראקטיק אונ איכ קענ זי אזוי, ווי עס ווייס געוויס ניט דער מוסולמאנער מולא זײַנ קאָראנ.

פארנ צארישנ רעזשימ האָב איכ ניט איבעריקס ליב געהאט די מאכט. זי האָט זיכ שטענדיק אויסגעוויזנ פאר פרעמד, ניט קיינ פאָלקס־מאכט. עמעס, איכ בינ געגאנגענ אפ מילכאָמע פאר איר, אָבער נאָר דערפאר, ווײַל מע האָט געצוווּנגענ גיינ.

און דאָ האָט מענ נאָכ גענומענ ריידנ וועגנ פאראט. רוסלאנד האָט זיכ געבראַכנ, דאָס פאָלק איז אָפגעגאנגענ מיט טרערנ און בלוט. ענדלעכ איז אופגעשוומענ גרישקע ראספוטינ. דאָס אלצ האָט מיכ זייער געריצט, אָבער ניט אפ אזויפיל, אז איכ זאָל קענענ אָנהייבנ טומלענ, ווי א כוואליע באַם פעלז, און ווערנ א רעוואָליוציאָנער. ניינ, כ'האָב אָרנטלעכ אויסגעפילט מײַנ ארבעט.

און די רעוואָליוציע איז פּאָרט אָנגעקומענ,—אָנגעקומענ אויסער מיר. ווי א שטורעמ איז זי אָנגעלאָפנ, און האָט פאר דרײַ טעג די גאנצע אלטע מאכט צעשטרייט ווי מיסט. צוזאמענ מיט אנדערע האָב איכ זיכ געפילט איבערגעבוירנ. ווײַטער פונ דעמ האָט זיכ מיר ניט געוואָלט גיינ. אָבער ניט לאנג האָבנ געדויערט די האָניק־כאדאָשימ. די געשיכטע האָט ניט געוואָלט רעכענענ זיכ מיט מײַנע פארלאנגענ, און האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט לויט איר שטייגער. אינעמ רעוואָליוציאָנערנ לאנד איז נאָכאמאָל פאָרגעקומענ א רעוואָליוציע. דערנאָכ, ווי אײַכ אינ באוווסט, האָט זיכ אָנגעהויבנ דער בירגער־קריג.

דאָס אלצ איז מיר זייער ניט געפעלנ געווענ.

איכ כאזער איבער נאָכאמאָל, אז איכ בינ א מענטש א פרידלעכער, האָב ליב שטילקײַט און רויִקײַט. און דאָכ האָט דער רעוואָליוציע־ציקלאָנ מיט איינ פליגל אויכ מיכ פארכאפט. ביז איצט קאָנ איכ אָנ ציטער ניט דערמאָנענ איינ צופאל, וואָס איז אויסגעפאלנ אפ מײַנ גורל.

אינ דער דאָזיקער צײַט האָב איכ זיכ געפונענ אינ א ווײַטנ גרענעצ־געביט פונ רוסלאנד—אינ דער קעניגרײַכ פונ די ווײַסע; פונ דאנענ טאקע האָבנ זיכ אופגעהויבנ „די רעטער פונעמ הימלאנד". ס'האָבנ גענומענ קלינגענ שווערדנ, בלישטשענ פארשיידענע פאָגאָנעס, ביז גענעראלישע אײַנשליסלעכ. צו די אופשטענדלער האָבנ זיכ פאראייניקט די גאראָכיכ, מיט גאָלדענע צלאָמימ זיי געבענטשט צומ שלאכט־טאט און מיט האסמאָרע געדינט מאָליעבנעס. אומעטומ פלעגסטו נאָר הערנ:

„פאר דער אופלעבונג פונעמ הימלאנד".

מע האָט געוואָלט אויכ מיכ מאָביליזירנ, נאָר דער נאָמער איז זיי ניט דורכגעגאנגענ: איכ האָב שוינ אָפגעפײַערט מײַנ נײַנ־און־פערציק יאָריקנ געבורטס־טאָג. כ'בינ אָנגעקומענ אלס מעכאניק אפ א האנדלס־שיפ „לעבעד". דער שיפ איז געווענ ניט קיינ גרויסער, אפ טויזנט טאָנ און אינ יאָרנ קימאט גלײַכ מיט מיר.

ווי פריִער האָב איכ זיכ שטרענג געהאלטנ בא מײַנ פרינציפ—אָפהיטנ אינ אלצ נייטראליטעט.

מע האָט מאָביליזירט מײַנ עלטערנ זונ ניקאָלײַ. ער האָט אָפגעדינט עטלעכע כאדאָשימ, און דערנאָכ, א נאר וועט ער זײַנ, גענומענ און דעזערטירט פונ ארמיי. דער פויגל איז געקומענ אהיימ.

— גוט־מאָרגנ טאטע און מאמע.

מיר זײַנענ דערשטוינט געוואָרנ. וויפל איימע האָט ער אָנגעטריבנ אפ זײַנע עלטערנ!

„וואָס,—טראכטנ מיר,—זאָל מענ איצט טאָנ?"

ווײַט אפ צאָפנ האָב איכ א פרײַנט, ניט פונ די רוסנ. מײַנער א געטרײַער כא־

וועט סאַמ. איך באַשליס אוועקשיקן דעם זון צו אים. אנדערש וועט דער באָכער פאַרפאַלן ווערן.

און דאָרטן וועט דער טײַוול אַליין ניט געפינען.

זאָגן איך:

— פאָר, ניקאָלײַ, צו סאַמען. כ׳וועל געבן געלט, וועסט בא אים איבערוואַרטן ביז די גאַנצע בלוטיקע סומאַטאָכע וועט זיך ענדיקן. און דערנאָך וועסטו זיך בע־שאָלעם אומקערן אַהיים.

א באָכער איז ער בא מיר א האָרעפּאַשנער און א געהאָרכזאַמער. די עלטערן האָט ער קיינמאָל אין גאָרנישט ניט דערווידערט. מ׳טאָר ניט זינדיקן, מײַנער א ליבלינג. און דאָ האָט ער זיך פאַראַקשנט.

— ניט צוליב דעם,—זאָגט ער,—בין איך אַנטלאָפן פון אַרמײ, קעדיי אויסבאַ־האַלטן זיך, ווי א גאַלים אונטער א שטיין. איך וויל זיך שלאָגן פאַרן עמעס...

— וואָס פאַר אַן עמעס קען דאָ זײַן,—פרעג איך,—אַז ס׳האָט זיך אויפגעהויבן א ברודער קעגן א ברודער און בלוט איז אַפ אייגענע בלוט אוועק?

ניין, ניט אײַנצורייד(ן) אים. איינ זאַך—ער שטייט אַפ זײַניקע. ביז טרערן האָט ער אונדז דערפירט.

ער איז אוועק אין די סאָפּקעס צו די פאַרטיזאַנער.

א שווערער פּײַן איז אַראָפּגעפאַלן אַפ מײַן גראָען קאָפּ. כ׳האָב זיך פאַרטראַכט. איך מאַך א רײַס, קער זיך אום אַהיים און—ווײַטער וואָס? איך פיל א פּסטקײַט אין מײַן אייגענער דירע. די ווײַב אין טרערן, דערזעט מיך—הייבט זי אָן עק־בערן:

— וואַרפּ אוועק אַרבעטן אַפ די בלוטזויגער, ווי שעמסטו זיך ניט גיין קעגן דעם אייגענעם זון?..

זי איז בא מיר פון פּראָסטע, א ווייניק־איוורעדיקע, אָבער א ווילע פרוי. דערווידער איך:

— מײַן שיף איז ניט קיין מיליטערישע, נאָר א קאָמערציאָנעלע. דו אַליין ווייסט עס גוט. הייסט עס, אַז איך פאַרהיט נייטראַליטעט.

— זעט נאָר אַביסל, ס׳אַרא וואָרט ער האָט דאָס אויסגעטראַכט! און איך שפּײַ אַפ דײַן נייטראַליטעט...

פאַראַן בא מיר נאָך א זונדל, פּאַוולִיק. א געזונטער יונג מיט שוואַרצע אויגן, א לעבעדיקער אַזא, ווייניק אַפ דער וועלט אַזעלכע. אים איז דעמלט נאָר־וואָס אוועק דער פופצנטער יאָר. דערהערנדיק אונדזער געשפּרעך, דערקלערט ער אַפן סאַמע ערנסטן אויפן:

— קים, טאַטע, צו די פאַרטיזאַנער און גאָר.

קוק איך אַפ אים, צינויפדריקנדיק די ברעמען.

— פון וואַנען איז דאָס דיר אין קאָפּ אַרײַן?

ענטפערט ער א באַליידיקטער:

— יעגאָרקעס טאַטע שיאָגט זיך צוזאַמען מיט די פאַרטיזאַנער. און וואָס קיקן מיר? מיר האָבן זיך די בורזשויען פאַרקויפט, צי וואָס?

יעגאָרקע איז אַפ א יאָר עלטער פון מײַן זון, זיי זײַנען כאַווײרים. און זײַן

פּאָטער—א געוועזענער טאָקער פון פּעטראָגראַד, האָט געדינט אפן „לעבעד“ אלס מאשיניסט און איז מיט א כוידעש צוריק פאר דעם אנטלאָפן פונעם דאמפער.

האָב איך א קלאפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש.

— אָט וואָס, פּאַוולִיק, אזעלכע געדאנקען ווארף ארויס פון קאָפּ. איך זאָל מער וועגן דעם ניט הערן. דו דאַרפסט זיך לערנען! דו הערסט?

דאָס ייִנגל האָט זיך אָנגעבלאָזן, ווי א פייגעלע אין א רעגן, און בורטשעט:

— איך הער, איך בין, דאכט זיך, ניט קיין טויבער.

— וואָס נאָך ווּעסטו זאָגן?

— דו האָסט מוירע...

מיר איז געוואָרן פארדראָסיק. האָב איך אים דערלאנגט א פּאָר מאָל. איז וואָס מיינט איר? אנשטאָט צו דערשרעקן זיך, גיט ער מיר א זאָג:

— איך וועל סײַוויסײַ אנטלויפן צו די רויטע!

„נו,—טראכט איך מיר,—אלץ אפ דער וועלט איז אוועק מיטן קאָפּ אראָפּ. די רעוואָליוציע פארפלאָנטערט אין א קניפּל אויך מײַן פאמיליען־לעבן,—ניט צו פאנאנדערפלאָנטערן“.

עס איז דערגאנגען צו דעם, אז דאָס לעבן איז נימעס געוואָרן. און דאָס הארץ האָט געפילט, אז מיט דעם וועט זיך דער אומגליק ניט ענדיקן. און אזוי האָט זיך טאקע געטראָפן.

מע האָט מיך אויסגעקליבן אלס פארוואלטונג־מיטגליד פונעם מאטראָסן־פאריין. ס'האָט זיך ניט געוואָלט גיין אף אזא פאראנטוואָרטלעכן פּאָסט אין אזא גרויזאַמער צײַט. כ'האָב זיך אָפּגעזאָגט, לאנג אײַנגעשפּארט זיך,—מע האָט מיך אײַנגערעדט.

איך זעץ פּאָר שווימען אפ מײַן „לעבעד“, און נאָך יעדן רייס גיי איך אפ פארזאמלונגען אויספילן געזעלשאפטלעכע איניאָנים. איך קוק זיך צו ארום—די מאכט פארדרייט אלץ מער און מער אפ רעכטס. און דאָ האָבן זיך נאָך באוויזן אויסלענדישע מיליטער, מע העלפט אונדזערע גענעראלן טאָן זייער פינצטערן טאט. דאָס גאנצע לעבן איז אין א צוים, פונקט ווי עס איז גאָר קיינמאָל קיין רעוואָליוציע ניט געווען. אויך די מאטראָסן איז שלעכט—מע דריקט. ארבעט איז אריבערן האלדז.

איך באקום יעדיִעס פון ניקאָלײַען. ער לעבט און איז געזונט. ער טיילט מיט, אז זייער קויעך פארגרעסערט זיך, וואקסט. איך הייב אָן אלץ אָפטער פארטראכטן זיך וועגן די צילן פון מײַן זון.

ביסלעכווײַז, אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן, גייט מײַן מיטגעפיל אריבער אף דער זײַט, ווו עס געפינט זיך ניקאָלײַ. איך הייב זיך אָן פארכאפּן מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט.

און אלץ אָפטער דריק איך זיך אויס—מיר, וואָס זײַנען געקומען פון די פעלדער און פאבריקן, פון די שאכטעס און זאוואָדן, און זיי, וואָס האָבן זיך אראָפּגעלאָזט פון די פאראדנע טרעפּ און האָבן זיך אויסגעפּוצט אין גאָלדענע פּאָגאָנעס. דורך דער פינצטערניש האָט זיך שוין גענומען פאָרשטעלן א נײַער לעבן—א באַנײַטער אין שטורעמס פון דער רעוואָליוציע.

איינמאָל קום איך אינ מאטראָסנ־פּאריינ, ערשט דאָרט איז פּאָליציי. מע האָט מיך געכאפּט, געבונדנ.

— א מעכאניק נאָכ אונ געוואָרנ אנ אויסוווּרפ! — האָט גערעדט איינער פונ די שפּיקעס.

מײַנ שטענדיקע רויִקײַט האָט זיכ אופגעריסנ.

— איך בינ קיינמאָל קיינ אויסוווּרפ ניט געווענ אונ ראט אויך אײַך ניט זײַנ!

— שווײַג! — שרײַט ער אונ פּאָכט מיטנ בראונינג. — ווענ ניט, וועל איך גלײַכ דײַנ פּיסק מיט בלײַ פארשטאָפּנ.

איך האָב קיינמאָל פריִער ניט געטראכט, אז איך קענ אזוי צעקאָכנ זיכ. איך שטעל אויס די ברוסט, קריכ צו אים:

— וועסט ניט איבערשרעקנ. כ'האָב שוינ א היפּש ביסל אָפּגעלעבט אפ דער וועלט. שלאָג!

— מירנ זענ, וואָס וועסטו זינגענ אינ עטלעכע טעג ארום!

— איר גיט בעסער א טראכט, אז אײַכ זאָל ניט אויסקומענ צו זינגענ די באָוול־ליד.

אָט צו וואָס מע האָט מיכ דערפירט — אליינ אינ טליִע געקראָכנ.

מע האָט מיכ פארזעצט אינ טריום פונ אנ אײַזערנער בערלינע. עס האָט זיכ דאָרט אָנגעקליבנ א מאנ פופציק. אונ מיט די ארעסטירטע פלעגט מענ זיכ דעמלט צערעכענענ זייער פּאָשעט: אוועקפירנ די בערלינע אינ יאם אונ ארויסוואַרפנ די מענטשנ הינטערנ באָרט — שפּײַז פאר די פיש.

איך קוק אפ מײַנע כאַווײרים, דער טויט איז בא זיי אינ די אויגנ. אונ כא מיר אליינ קלעמט שטארק דאָס הארצ. עס טראכט זיכ, ווי איז איצט אינדערהיימ, צי ווייסנ זיי, אינ וואָס פארא לאגע איך געפינ זיכ. עס בייגט זיכ אראָפּ מײַנ גראָ־ווער קאָפּ. ניטאָ קיינ אויסוועג. איך הייב אָנ כאראָטע האָבנ, וואָס איך בינ אומ־נוציק אָפּגעטראָטנ פונ מײַנ שטענדיקנ פּרינציפּ — אינ אלצ זײַנ פאָרזיכטיקער.

איינמאָל אינ מיליטער־דינסט האָב איך זיכ אויך אָט אזוי אָנגעריסנ, נאָר כ'האָב גלײַכ אלצ פארריכט. אינ יענער צײַט בינ איך געווענ א מאשינ־קוואַרטיר־מײַסטער. פאָרגעקומענ איז עס צוליב א קלייניקײַט. איינער מײַנער א פרײַנט, אויך א מאשינ־קוואַרטיר־מײַסטער, האָט באהאלטנ אפּנ שיפ א בוטל בראנפנ, וועלכע ער האָט גע־בראכט פונ ברעג. קיינער האָט פונ דעמ ניט געוווּסט, אויסער מיר. אונ די בוטל איז דאָכ פארפאלנ געוואָרנ. כ'האָב זיכ באגעגנט מיטנ פרײַנט אפּנ שקאפּוט [1]. פלוצ־לינג איז ער אפ מיר אָנגעפאלנ:

— דו האָסט גענומענ די בוטל?

איך האָב זיכ צעהיצט:

— וואָס ביסטו — פונ זינענ אראָפּ? דו ווייסט דאָכ, אז איך טרינק ניט!

א וואָרט פאר א וואָרט — מיר האָבנ זיכ צונויפגעכאפּט. ער האָט מיר אויסגע־שלאָגנ צוויי ציינער, אונ איך האָב אים די נאָז אפּ א זײַט פארדרייט. איך ווייס ניט

---

[1]) שקאפּוט — די מיטלסטע טייל פונ דער אויבערשטער שיפ־דעק.

ביז וואנען מיר וואָלטנ אזוי געלופּצעוועט איינער דעם אנדערנ, ווענ מיר דערהערנ ניט א שטרענגנ אויסגעשריי:

— שטייט! וואָס טוט איר?

מיר האָבנ א קוק געטאָנ—לעמ אונדז איז געשטאנענ דער עלטערער אָפיצער. גלייכ האָבנ מיר זיכביידע אויסגעצויגנ.

— מיר שפּילנ זיכ, אייער הויכגעבורט!—האָב איכ דער ערשטער געענטפערט.

— איר שפּילט זיכ?—האָט דער עלטערער אָפיצער איבערגעפרעגט און שטרענג א קוק געטאָנ אפ אונדזערע צעבלוטיקטע צורעס.

— ריכטיק,—מיר שפּילנ, אייער הויכגעבורט!—האָט באשטעטיקט מיינ פריינט.

וואָס איז געבליבנ דעם עלטערנ אָפיצער צו טאָנ? ער האָט געקייכט פונ געלעכטער, כאפּנדיק זיכ פארנ בויכ, און אונדז האָט ער אוועקגעשיקט איינוואשנ זיכ.

אפ אזא אויפנ זיינענ מיר פּאָטער געוואָרנ פונ קארצער.

פונ דעמלט אָנ איז בא מיר פאר דער גאנצער צייט פונ דינסט קיינ איינ סקאנדאל ניט געווענ.

אָבער איכ בינ אָפּגעגאנגענ פונעמ איניען. כ'וועל זיכ אומקערנ צו מיינ בערלינע. צוויי טעג בינ איכ אינ איר אָפּגעזעסנ און אפנ דריטנ האָט מענ מיכ ארויסגערופנ אפ א פארהער אינ אָכראנקע.

— וואָס האָט איר, הער ראוזאָלני, געטאָנ אינ פארוואלטונג פונעמ מאטראָסנפאריינ?

דער אויספאָרשער, שטאבס-קאפּיטאנ אנאָסיעוו, זיצט פונ איינ זייט טיש, און איכ פונ דער צווייטער. אינ זיינ פּאָנעמ איז גאָרנישט ניטאָ קיינ אכזאָריעסדיקעס, וועגנ וואָס איכ האָב זיכ אָנגעהערט פונ אנדערע. פארקערט, זייער א פּאָשעטער פּאָנעמ. מיט א קליינ בלאָנד בערדל און קורצע וואָנצנ. אפנ קאָפּ א גראָדער שרונט אזא גלייכער, פּונקט ווי מע וואָלט אימ מיט א גאָלמעסער דורכ א ליניקע דורכגעפירט.

איכ גיב מיינע באוויזנ רויק, איכ אייל זיכ ניט, באטראכט יעדנ וואָרט. איכ דריק מער אפ דעמ, אז מיט פּאָליטיק, הייסט עס, האָבנ מיר זיכ ניט פארנומענ, אז אונדזערע אופגאבנ זיינענ ריינ עקאָנאָמישע. איכ פארדריי אזוי ראיעל, פּונקט איכ דריי א שטריקעלע. דער אויספאָרשער האָט אונטערגעשפּארט מיט די הענט דעמ קאָפּ, הערט מיכ אויס און קוקט אפ מיר אזוי, פּונקט ער איז מיט מיר אינ אלצ מאסקימ. און דערנאָכ פלוצלינג פרעגט ער שטיל, קימאט פריינטלעכ:

— און ווו געפינט זיכ אייער עלטערער זונ, ניקאָליי?

אינ מויל איז בא מיר גלייכ געוואָרנ טרוקנ.

— ביז איצט האָט ער געדינט אינ ארמיי. איר דארפט וועגנ דעמ בעסער ויסנ.

דער אויספאָרשער האָט זיכ אָפּגעוואָרפנ אפנ ווענטל פונ שטול און געהעכערט די שטימ:

— יאָ, מיר וויסנ בעסער. מיר וויסנ, אז ער האָט זיכ איינ צייט אויסגעבאהאלטנ בא אייכ אינ דירע, און איצט ראבעוועט ער צוזאמענ מיט די פארטיזאנער.

איכ האָב דערפילט, אז דער אויספאָרשער וויס אלצ.

— עפּשער איז אייכ, הער ראוזאָלני, ניט באוווּסט אויכ דאָס, אז די פארוואל-

טונג פון אײַער פאריין, און אויך איר אין דער צאָל, האָט באַזאָרגט די פארטיזאנער מיט געווער?

איבער מיר האָט זיך ווי פארהאקט דער צודעק, און ס'איז ניט געוואָרן מיט וואָס צו עטעמען.

איך האָב נאָר געקענט עטפערן:

— איך ווייס גאָרנישט.

ס'האָט זיך דערהערט א נערוועזער קלונג. עס זײַנען ארײַן באוואָפנטע מענטשן. דער שטאבס־קאפיטאן אנאָסיעוו האָט א ווונק געטאָן אין מײַן זײַט מיטן קאָפּ און רוּק באפוילן?

— נעמט אים צו.

ווידער בין איך אפ דער אײַזערנער בערלינע. מע האָט אויך אנדערע געשלעפּט אפן פארהער. א גאנצע וואָך האָט זיך אזוי געצויגן. און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן א סאָרטירונג—וועמען אפ דער פרײַ, וועמען אין טורמע. אפ דער בערלינע זײַנען פארבליבן אינגאנצן פופצן מאן. פון דעמלט אָן האָט זיך אין אונדזער כוישעכדיקן טריום באזעצט דער טויט. מענטשן האָבן אופגעהערט עסן, פלעגן גיך פארכוישעכט ווערן, אָפּט אופשפרינגען באנאכט. באם ארויסגאנג־ליוק האָבן באטאָג אָן אופהער געהיט וואכלײַט, און צו דער נאכט פלעגט מען אים נאָך פארלייגן מיט א שווערן צודעק און פארשליסן. וואָס איז אונדז געבליבן צו טאָן?

מיר האָבן געוואוסט, ווען מע וועט די בערלינע נעמען אפן בוקסיר און אוועקפירן אין יאם. מיט אן אויסערגעוויינלעכער קלאָרקײַט האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי אפן האלדז פון יעדערן וועט מען צובינדן א זעקל קוילן און אָנהייבן ארויסוואַרפן אין יאם. אזוי, אלנפאלס, פלעגט מען זיך באגיין מיט די אלע, וואָס זײַנען ביז אונדז ארײַנגעפאלן אפ דער דאָזיקער שרעקלעכער בערלינע. ווענן דעם האָבן מיר גוט געוווּסט און שוין מיט שוידער געפילט אפ זיך די קעלט פון טיפן טהאָם.

אלע האָבן זיך צונויפגעקאָרטשעט און אנשטילט געוואָרן קעגן דער אומפארמײַדלעכקײַט. איבערהויפּט האָבן געפּײַניקט יענע מאָמענטן, ווען צו דער בערלינע פלעגט זיך דערנענטערן א וועלכער־ניט־איז דאמפער. דער רויש פון די רודער־שרויפן פלעגט אונדז ארײַנברענגען אין פארגליווערונג. דאָס הארץ פלעגט נעמען אָפּשטארבן פונעם שרעקלעכן געדאנק: צי ניט נאָך דער בערלינע איז מען געקומען?

אזוי האָט זיך עס איבערגעכאזערט יעדן טאָג.

צו אונדז אפ דער בערלינע איז אומגעריכט ארײַנגעפאלן אויך דער מאשיניסט סורקאָוו. מע האָט אים געבראכט אין אָוונט. דאָס איז געווען א שטארקער מענטש, עטוואָס אן אײַנגעכויגענער, נאָר א פעסטער, ווי די לאפע פון אנקער. ער האָט בענומען ריידן מונטער און פריילעך, פונקט ווי ער וואָלט ארײַנגעפאלן ניט צו טויט־פארמישפּעטע, נאָר אפ א געבורטס־טאָג.

— אָט בין איך אויך מיט אײַך, כאווײרים! א גוטמאָרגן אײַך!

אלע האָבן זיך צו אים א וואָרף געטאָן, ארומגערינגלט אין אן ענגן קרײַז.

— דערציילט, וואָס טוט זיך אפ דער וועלט!

— די געשעפטן זײַנען גוט! דאָס רויטע מיליטער שפארט פאָרויס אפ אלע פראָנטן. וואָס? פארטיזאנער?

סורקאָוו האָט זיכ ארומגעקוקט אונ אופגערעגט גענומענ שעפטשענ:

— אינגיכנ וועט בא אונדז זײַנ א דיוויזיע. די ארבעטער אונ פויערים—דאָס איז פולווער. אלע טאָג קומענ צו צו אונדז נײַע מענטשנ. אויכ געווער איז פאראנ. מיט דרײַ טעג צוריק האָב איכ אָפּגעשיקט אינ אָטריאַד פופציק האנט־גראנאטעס, עטלעכע ביקסנ אונ איינ קוילנוואַרפער. וואָס? פונ וואַנענ האָב איכ גענומענ? די סאָלדאטנ האָבנ איבערגעגעבנ אונ זײַנענ אליינ אויכ אריבער צו אונדז. אכט מאנ. פונ דער וואכ. אונ אונדזער אויסשפיר? אלע טאָג באקומענ מיר ידיעות פונ שטאָט. מיר וויסנ אלץ, וואָס דאָרטנ טוט זיכ, מיר וויסנ אפילע וואָס עס עסנ די ווײַסע גענעראלנ. איינ זאכ ווייס איכ נאָר ניט—ווו איז עס פארפאלנ געוואָרנ מײַנ שטיפער.

— ווער איז דאָס—דער שטיפער?—האָבנ מיר געפרעגט באַם מאשיניסט.

ניט ענטפערנדיק, האָט זיכ סורקאָוו פלוצלינג געווענדעט צו מיר:

— דו, אלטער, האָסט גאָרנישט געהערט וועגנ דײַנ ביקס?

— איכ פארשטיי ניט, וועגנ וואָס דו רעדסט?

— כ'מיינ, פאוולושקע דײַנער אונ מײַנ יעגאָרקע ווו זײַנענ?

עפּעס שווידערלעכעס איז געבליבנ הענגענ אינ דער לופט פונעם טריום. איכ האָב א צעטומלטער, מיט אנ אָפענעם מויל, געקוקט אפ סורקאָוונ. אונ ער, אנ אומגעלומפערט־הויכער, האָט זיכ אײַנגעבויגנ איבער מיר, איז מאָמענטאל פארפינצטערט געוואָרנ אונ האָט ארויסגעקוועטשט דורכ די צעקרימטע ליפנ:

— יע, ברודער, ביידע זײַנענ אנטרונענ געוואָרנ. אָדער מע האָט זיי ארעסטירט, אָדער עפּעס אנדערש האָט געטראָפנ...

דעם כאוועריס מיטיילונג האָט מיר צונויפגעדריקט די האלדז. ווי בינ איכ ניט געשטאָרבנ אינ יענער נאכט. דער אײַזערנער דעק פונ דער בערלינע האָט זיכ אויסגעוויזנ אויסערגעוויינלעכ קאלט. דער גאנצער קערפער האָט געציטערט, ווי אינ פיבער. אסאכ מאָל האָב איכ זיכ אופגעהויבנ, איבערגעפרעגט סורקאָוונ אונ זיכ ווידער געלייגט, באטויבט פונ זײַנע ענטפערס. די גאנצע וועלט האָט זיכ מיר פאָרגעשטעלט, ווי א מעשוגאָים־הויז...

באטאָג האָט אונדז סורקאָוו געמאָלדנ:

— וויבאלד איכ האָב זיכ פארשאָטנ אונ פארשאָטנ האָפענונגסלאָז, האָב איכ מער ניט וואָס צו ווארטנ.

— איז וואָס קענ מענ טאָנ?—האָט עמעצער געפרעגט.

סורקאָוו האָט צונויפגעדריקט די פויסטנ, מיט צאָרנ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ זײַנע ברוינע אויגנ.

— מיט מײַנ קויעכ שטארבנ ווי א שטילער לעמעלע? ניינ! איכ וועל טאָנ אנדערש...

ער האָט געבעטנ באַם וועכטער „זיכ צורעכט מאכנ". מע האָט אים ארויסגעפירט ארופ. אינגיכנ האָבנ מיר דערהערט א רעווע פונ שטימענ, א טופערײַ פונ פיס אונ א ביקסנ־שיסערײַ. וואָס האָט זיכ דאָרטנ געטראָפנ? מיר האָבנ גאָרנישט געוווּסט. נאָר מער האָבנ מיר שוינ ניט געזענ ניט אונדזער סורקאָוונ, ניט יענעם וואכמאנ, וואָס האָט אים אוועקגעפירט ארופ.

נאָך דעם האָט אַן אַנדער וואַכמאַן אונדז אַ זאָג געטאָן, דראָענדיק:

— מע דאַרף אײַך אַלעמען צעקוילענען!

דער בײַשפּיל פונעם מאַשיניסט האָט אויף אונדז ניט געווירקט. מיר זײַנען געזעסן אויפן דעק פון דער בערלינע, צונויפגעדרייטע, ווילנלאָזע, און טרויעריק געוואָרט אויפן טויט.

אויפן צווייטן טאָג האָב איך דערהערט אַ שטים פון דערהויך:

— ראַזדאָלני! גיי אַרויס!

אין דעם ערשטן מאָמענט איז מיר געוואָרן קאַלט, פונקט איך וואָלט אַרומגעוואַקסן מיט אַן אײַז־שיכט, נאָר גלײַך האָט מיך אַ וואָרף געטאָן אין היץ.

ווען מע האָט זיך אַרויסגעזעצט אויפן ברעג, האָב איך ניט געוווּסט וווּהין די וואַכלײַט פירן מיך. די פיס האָבן פאַרלאָרן זייער עלאַסטישקײַט און האָבן זיך געבויגן, ווי זיי וואָלטן געווען פון וואַקס. ס'האָט זיך געדוכט, אַז ניט נאָר דער גוף, נאָר אַליין די נשמה האָט זיך געוויגט, ווי אַן איינזאַמער בוים אונטערן ווינט. כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף דער שמײכלדיקער בלויקײַט פון הימל, כ'האָב אַרײַנגעצויגן אַ פולע ברוסט מיט פרישע סענטיאַבער־לופט,—איז געוואָרן גרינגער.

לעם האַפן האָט אויף אונדז געוואַרט אַ דאַמפּ־קאַטער. אין אַ מינוט פופצן אַרום האָט מען מיך אַריבערגעוואָרפן אויף מײַן „לעבעד". אויף אים האָבן זיך געפירט נען אָפיצערן מיט רעוואָלווערן, אַ דרײַ הונדערט סאָלדאַטן און קאַדעטן, באַוואָפנטע מיט ביקסן, קוילנוואַרפערס און האַנט־גראַנאַטעס. אויסער דעם, איז געווען בײַ אַנדערהאַלבן צענדליק פערד. נאָר איינס האָב איך פאַרשטאַנען: אַז מײַן שטראָף איז, אַפּאַנעם, אָפּגעלייגט. אָט די אַלע מענטשן האָבן פאַרגענומען עפּעס אַן ערנסטן איניען, וווּ מײַן אָנוועזנהײַט איז נויטווענדיק. נאָר אין דעם איז פאַר מיר געווען ווייניק טרייסט.

אָנשטאָט דעם פריִערדיקן קאַפּיטאַן האָט מיטן שיף אָנגעפירט אַ באַקאַנטער לייטענאַנט. ער האָט מיך צוגערופן אויפן בריקל און געזאָגט מיט אַ שטרענגער שטים:

— דאָס האָב איך אײַך אַרויסגערופן אויפן שיף. זעט, אַז אַלץ זאָל זײַן אין אָרדענונג, אויב מיר וועלן עפּעס־וואָס באַמערקן, וועט די צערעכענונג זײַן אַ קורצע. איך האָף, אַז איר פאַרשטייט מיך...

אויף אַ מאָמענט האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ האָפענונג און איך האָב מיט געבעט אַ קוק געטאָן אויפן לייטענאַנטס געגאָלטן פּאָנעם.

— פון אַנקער וועלן מיר זיך אַראָפּנעמען אין אָנדערהאַלבן שאָ אַרום. איר קענט גיין.

— פּאַראַן!—האָב איך מעכאַניש געענטפערט.

איז דער באַגלייטונג פונעם וואַכמאַן בין איך אַראָפּ אין מאַשין־אָפּטיילונג.

אויפן טאָקער־געשטעל האָבן דרײַ מאַשיניסטן געטרונקען טיי און פרײלעך געשמועסט. איינער פון זיי, אַ געוויקסיקער און באַרעדעוודיקער מענטש, לויט דער פאַמיליע, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, מאַסלאָבאָיעוו, האָט דערזעענדיק מיך זיך פרײלעך צעלאַכט:

— אַ, מע האָט געבראַכט דעם הער באָלשעוויק!

כ'האָב געוואָלט דערווידערן אפ דעם, כ'האָב אָבער פארשוויגן, נאָר געפרעגט:

— אפ וועלכן שיפ זײַט איר פריִער געשווומען?

מאסלאָבאָיעוו האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א פלאפלער און האָט געענטפערט אפ אלץ זייער גערן.

— פריִער? כאָ־כאָ־כאָ!.. איך בין ניט געשווומען, נאָר, מע קען זאָגן, געפלויגן אפ יאבאָשעדיקע שנעל־לויפער. איך האָב איבערגערוקט צוגן אין באשטאנד פון הונדערט וואגאָנעס.

ער איז שיקערלעך. די אויגן זײַנען בא אים פײַכטע, און אפ דער גרויסער נאָז—פיִאָלעט־אָדערלעך, דינינקע ווי שפינוועבס. זײַן וואכטע וועט זיך אָנהייבן אין א שאָ צוויי ארום.

נאָך א מאשיניסט—פאָזיאבקין, א ברייטער און א שווער־וואָגיקער. דער איז מאָ־דעשכוירעדיק, קרענקלעך פארטראכט. ער שטייט אפ דער וואך.

דער דריטער—א יונגער, געקרײַזלטער באָכער. שמייכלט ברייט, קוקט צוטרויִלעך. ער פילט מיך, אפאָנעם, מיט. ער דארף פארטרעטן די וואכטע ניט גיך. ער מעלדעט:

— כ'וועל גיין אין קובריק—פארנעמען זיך מיט כראפּאָוויצקעס ווערק. טאָמער עפעס־וואָס—וועקט מיך אוף.

איך קוק ארײַן אין קאָטשעגארקע. דער וואכמאן טרעט פון מיר ניט אָפּ. דאָרט איז א טומל: די שיפ־קאָטשעגארן אמפערן זיך מיט די יאבאָשעדיקע, פאָכנדיק מיט די פויסטן. איך האָב גלײַך פארשטאנען אין וואָס דאָ גייט. ס'ווײַזט זיך ארויס, אז אין איין קעסל איז דער דאמפּ אופגעהויבן ביז דער נאָרמע, און אין צווייטן—באַ־ווײַזט דער ווײַזער פונעם מאנאָמעטער אינגאנצן זעכציק פונט דרוק.

— דאָס איז אײַך צום טײַוול ניט קיין לאָקאָמאָטיוו!—שרײַט איינער א שיפ־קאָטשעגאר.

— און וואָס פאר אן אונטערשייד?—פרעגט דער יאבאָשעדיקער.

— דער אונטערשייד איז אזא, וואָס, איר פארשטייט דאָ פונקט אזויפיל, וויפל דער לאנגוסט [1] אין ביכל...

דערנאָך ווענדעט מען זיך צו מיר:

— אנו, באָלשעוויסטישער מעכאניק, קלײַבט פאנאנדער, ווער פון אונדז איז גע־רעכט.

פון דער פריִערדיקער קאָמאנדע—קיין איין מענטש. אפאָנעם, זיי זײַנען אלע ארעסטירט.

פון וואנען האָט מען צונויפגעקליבן אָט די דאָזיקע מענטשן?

כ'האָב ניט גענומען פאנאנדערקלײַבן זיך, נאָר כ'בין גלײַך ארופגעקראָכן אפן צודעק, קעדיי פארייניקן דעם דאמפּ פון בײדע קעסלען. דאָס אלץ האָב איך אָפּ־געטאָן אין איין מינוט, און ווען איך בין ארויפגעקראָכן, האָב איך אויסגעלערנט די קאָטשעגארן, ווי האלטן דעם דאמפּ אין די קעסלען. דערנאָך פאנאנדערגעטיילט

[1] לאנגוסט—א לאנג־עקיקער, צען־פיסיקער קרעפּס.

די וואכטע,—געלאָזן נאָר צוויי מענטשן, און די איבעריקע אוועקגעשיקט אָפּרוען, און אומגעקערט זיך אין מאשין־אָפּטיילונג.

איך באקוק די מאשין. זי איז פארשמוציקט, פאראָסטעט און פארלאָזן. איך פרוּוו אויס די באזונדערע טיילן, שמיר אויס, ברענג אלץ אין אָרדענונג. דער מאָרעשכוירעדיקער מאשיניסט פאָזיאבקין העלפט מיר גאנצ געוויסנהאפט.

דער מאשיניסט מאסלאָבאָיעוו, וועלכער דארף שטיין אפ דער קומענדיקער וואכטע, טרינקט טיי און פלוידערט, איינס נאָר באמערק איך—ער איז זייער פארינטערעסירט מיט מיר, פונקט, ווי איך וואָלט מיט זיך פאָרגעשטעלט עפּעס א זעלטענעם וווּנדער, שטייט צו מיט פארשיידענע פראגן.

— די קאָמוניסטן קלייבן זיך איינאָרדענען א גאניידן אפ דער ערד און באַרימען זיך, אז אלץ ווייסן זיי. איז זאָגט מיר, אקאָרשט, הער באָלשעוויק, צי ווייסט איר וואָסער קינד אפ דער וועלט איז דאָס סאמע אומגליקלעכסטע?

ער איז אנשוויגן געוואָרן, אויסציִענדיק צו מיר זיין לאנגע האלדז. ניט דערווארטנדיק קיין ענטפער, האָט ער זיך מיט ניצאָכן פאנאנדערגעלאכט, דערנאָך א מאך געטאָן מיט דער רעכטער האנט, פונקט ווי אפן באלאלייקע גענומען שפּילן. איך האָב דערהערט זיין סקריפּענדיקע שטים:

— הייסט עס, איר קענט ניט ענטפערן? כאָ־כאָ! וועל איך אייך זאָגן. דאָס אומגליקלעכסטע קינד אפ דער וועלט—איז דאָס כאזערל: בא אים איז נאָר איין מוטער, און אויך די, א כאזער. און איר ווייסט עס ניט דערפאר, ווייל איר גייט ניט אין צירק...

איך שטרענג אָן מיין מידן מארך און טראכט וועגן אן אנדער זאך. פאָרזיכטיק ווענדע איך זיך צו מאסלאָבאָיעוון:

— לאנג וועט אונדז אויסקומען זיין אין וועג?

— א קלייניקייט! א שאָ פינף.

— וווּהינ־זשע פאָרן מיר עס?

יעדער וואָרט זיינער פארשאפט מיר ווייטעק.

— איינס ווייס איך נאָר, אז מיר גייען לופּצעווען די פארטיזאנער. כאָ־כאָ! ס'וועט זיין א הייסער איניען! אליאָשא־שא! קיין פּיפּס גיט! דאָ איז א קויעך...

פון זיקאָרן גייט בא מיר ניט ארויס דער זון. אין דער נאָענטער געגנט זיינען ניטאָ קיין אנדערע פארטיזאנער, אויסער דעם אָטריאד, ווו עס געפינט זיך ניקאָליי. אָן צווייפל. אהין טאקע האלט די ריכטונג „לעבעד". אין דעם קראנקן קאָפּ שאפן זיך שרעקלעכע בילדער. אין די סאָפּקעס, ניט ווייט פון יאם, געפינען זיך די פארטיזאנער. עס קען זיין, אז זיי רוען. און קיינער פון זיי האָט אפילע קיין פארדאכט, אז איינגיכן וועט זיך אפן ברעג ארויסזעצן א דעסאנט, א גוט באוואָפנטער. מע וועט זיי ארומרינגלען, אלעמען כאפן. און דערנאָך וועט זיך אָנהייבן די צערעכענונגען. עס קען זיך טרעפן אפילע אזוי, אז איינעם לעצטן מאָמענט וועט ניקאָליי דערזען זיין פאָטער. וואָס וועט ער טראכטן וועגן מיר?

בא מיר האָבן זיך קאָנוווּלסיוו גענומען טרייסלען די ליפּן.

— און איר, הער באָלשעוויק, האָט, אפּאָנעם, הינער געגאנוועט?—פרעגט בא מיר מאסלאָבאָיעוו.

איכ גיב א קער דעמ קאָפּ. שאָקלענדיק זיכ, צעצווייט זיכ א באקאנט פּאָנעמ מיט א גרויסנ נאָז, שפּאָטיש שטשירענ זיכ די ציינ.

— וואָסערע הינער?

— איר ווייסט ניט? כאָ־כאָ! איז פּארוואָס טרייסלענ זיכ אזוי בא אײַכ די הענט?

אינגיכנ האָט גענומענ ארבעטנ די מאשינ. אינ א ביסל צײַט ארומ האָט דער דאמפּער זיכ גענומענ וויגנ. איכ האָב פארשטאנענ, אז מיר גייענ ארויס אינ אָפּענעמ יאמ.

דער וואכמאנ היט מיכ די גאנצע צײַט. אויסער דער ביקס, איז בא אימ א האנט־גראנאטע. מיט זײַנ אָנווענזנהײַט דערמאָנט ער מיכ, אז מײַנ גורל איז באַשטימט. איכ צווייפל גאָרניט אינ דעמ. איכ וועל נאָר מאכנ דעמ רייס, אונ ווײַטער—באלאסט אפנ האלדז אונ אינ יאמ־אָפּגרונט. אונ דאָ פאר די אויגנ שעמערירט נאָכ ניקאָלײַ: א בלאָנדהאָריקער, מיט בלויע אויגנ, א לוסטיקער אזא; אָט טרוימט ער, צוגרייטנדיק זיכ, אָנקומענ אינ טעכנאָלאָגישנ אינסטיטוט, אונ איכ פיל אימ מיט אינ דעמ, אונ וואָס קומט ארויס? אָט דער געזונטער פארברוינטער יונג, וועלכער דארפ נאָכ לעבנ אונ לעבנ, וועט אינגיכנ ווערנ פארניכטעט. אונ ווו איז דער צווייטער זונ, פּאווליק? וואָס האָט זיכ מיט אימ געטראָפנ?

מײַנ קאָפּ ווערט צעשפּאָלטנ פונ ביטערע געדאנקענ.

איכ ארבעט מעכאניש, נאָר אדאנק דער לאנגיאָריקער פּראקטיק. מײַנע הענט ווייסנ אליינ, וואָס מע דארפ טאָנ.

די כוואליעס שלאָגנ אינ די באָרטנ, ס׳ווארפט אומ שטארקער דאָס שיפ.

מיט יעדנ קלאפּ פונ יאמ, בא יעדנ קער פונ שיפ קוקט זיכ דער וואכמאנ ארומ מיט שרעק. זײַנ פּאָנעמ ווערט בלאס מיט א מינ גרינקײַט, די אויגנ ווערנ מוטנע. ער האָט אוועקגעלייגט די ביקס אונ אליינ האלט ער זיכ פארנ טאָקער־געשטעל, קעדיי ניט אומפאלנ.

— שיידימ זאָלנ אײַכ אופרעסנ צוזאמענ מיט אײַער שיפ! אָב ווי עס קערט...

אפנ מאשיניסט וירקט ווייניקער דאָס אומווארפנ.

ער דערציילט מיר:

— ווו איז דער זובארעווער אָטריאד פּארטיזאנער? פארניכטעט. אונ ווו איז די טשיזשאיעווער שײַקע? מע האָט זיי אלעמענ געכאפּט, אויסגעוואשנ אונ אופגעהאנגענ אפ דער זונ טריקענענ זיכ. מאָדנער מענטש! דאָ זײַנענ—הארמאטנ, ביקסנ, קוילנווארפערס, אונ דאָרטנ—נאָר דראָבאָוויקעס אונ אליינ־געמאכטע פּיקעס. וווּהינ קריכנ די באראנעס קעמפנ קעגנ לייבנ!..

איכ סטארע זיכ ניט הערנ מאסלאָבאָיעוונ, נאָר די ווערטער קריכנ מיר אליינ אקשאָנעסדיק אינ קאָפּ, רײַסנ אופ דעמ מארכ, פּונקט ווי מיט דינאמיט. אינ ברוסט איז שווער. דער מאשיניסט שטעלט זיכ מיר פאָר ווי א שעד פונ גענעמ. עס ווילט זיכ ארופווארפנ אפ אימ, ארָאָפּשטויסנ אימ אונטערנ שווונג פונעמ מאָטיל, אז די מאשינ זאָל זיכ אָפּפארבנ מיט מענטשלעכער בלוט. נאָר איכ שווײַג. נאָכ שטארקער דריק איכ צונויפ די ציינער.

מאסלאָבאָיעוו גייט צו מיר צו נעענטער.

— זאָגט, איכ בעט איַיכ, הער באָלשעוויק, פאַרוואָס ווילנ דאָס איַיערע קאָמאַנדיסטנ אראָפּוואַרפנ אָפילע גאָט אַליינ.

געוויינלעכ, האָב איכ זיכ זייער פאָרזיכטיק אונ גערולדיק באַצויגנ צו רעליגיעזע געפילנ פונ אנדערע מענטשנ. אונ דאָ האָט זיכ געטראָפנ עטוואָס אויסטערלישעס. די אויגנ זיַינענ בא מיר אוועקגעקראָכנ אפנ שטערנ. איכ האָב זיכ צוגערוקט צומ מאשינִיסט זייער נאָענט. ער האָט א קוק געטאָנ אפ מיר אונ געמאכט א טראָט אפ צוריק.

— בא איַיכ איז א בייזער פּאָנעמ, ווי די מאָרדע בא א ריס...

ווי האָב איכ זיכ איַינגעהאלטנ אונ ניט איַינגעקלאמערט זיכ אינ זיַינ האלדז! אנשטאָט דעמ האָב איכ גענומענ זידלענ זיכ:

— די גאַלאָכימ האנדלענ מיט גאָט אונ מיט די הייליקע, ווי א קרעמער מיט בראנפנ אונ ווישניק. נאָר איר פארשטייט עס ניט, וויַיל בא איַיכ אפ די אקסלענ איז אנ אסטראכאנער קירבעס, אונ ניט קיינ פארשטאנדיקער קאָפּ.

מאסלאָבאָיעוו האָט זיכ א ריס געטאָנ, אָנגעשטרענגט זיכ אונ הויכ א געשריי געטאָנ:

— טיַיוול!

ער האָט זיכ א קער געטאָנ אונ שנעל אוועקגעקראָכנ איבער די איַיזערנע טראפּנ אינדערהויכ.

אָט טאקע אינ דעמ מאָמענט איז געבוירנ געוואָרנ בא מיר א געדאנק, פונ וועלכנ מיר אַליינ האָט גענומענ שווינדלענ.

איכ בינ אריַינגעפאלנ אינעמ סוינעס לאגער. אונ מילכאָמע, איז מילכאָמע. ניט איכ האָב זי אויסגעטראכט, פארפלוכט זאָל זי ווערנ! דאָ איז ווער וועמענ וועט בײַקומענ: אויב ניט מיר זיי, וועלנ זיי אונדז. אונ איכ אַליינ, וואָס פארליר דאָ? אזוי, צי אנדערש—שטייט מיר פאָר איַינגעשלונגענ צו ווערנ פונעמ טויט. גוט! אויב אזוי, איז אַלעמענ א קייווער—א קייווער אפנ דעק פונעמ יאמ.

ביז איצט קענ איכ ניט פארשטיינ, וואָס איז דעמלט פאָרגעקומענ מיט מיר. איכ האָב זיכ ווירקלעכ פארוואנדלט אינ א טיַיוול. מיט א קאלטער קלאָרקיַיט האָט גענומענ ארבעטנ דער מארכ, שאפנדיק א פּלאנ פונ פארניכטונג. וועמענ? לעבעדיקע מענטשנ? אונ די, וואָס באהאלטנ זיכ אויס אינ די סאָפּקעס, זיַינענ עפּשער נעווייַלעס, צי וואָס? אונ אינעמ פארשטיינערטנ הארצ איז מער ניט געווענ קיינ געפיל פונ ראכמאָנעס, ניט קיינ געוויסנביסנ.

דער וואכט־מאשיניסט האָט, ווי פריִער, טרויעריק געשוויגנ.

— ווּהינ גייט עס אונדזער שיפ?—האָב איכ זיכ צו אימ געווענדעט.

פּאָזיאבקינ האָט פארדעכטיק א קוק געטאָנ אפ מיר.

— וועגנ דעמ פרעגט דעמ קאָמאנדיר,—האָט ער קורצ א זאָג געטאָנ אונ זיכ אָפּגעקערט.

עס טרייסלט אופ דאָס אומוואַרפנ פונ דער שיפ. אינ די ווענטיליאטערנ דערטראָגט זיכ דער רויש פונעמ ווינט. גליטשיק גייענ אומ הינ־אונ־הער אינ די צילינדרענ די ראָלבנ. פויל דרייענ זיכ די עקסצענטריקער. דערפאר וויגנ זיכ פאנאנדער פליַיסיק די מאָטילנ, פונקט ווי זיי וואָלטנ ניט וועלנ אָפּשטיינ איינער פונ דעמ

אנדערנ אינ דער ארבעט. אָנגעשטרענגט דרייט זיכ דער רודער־וואָל. אונ אונטער דעמ צוגעוווינטנ רויש מאכ איכ מײַנע אויסרעכענונגענ, וועג אָפּ יעדער קלײניקײט.

מע דארפ עפענענ די צודעקנ פונ די קינגסטאָנענ [1]. דער יאמ וועט זיכ דאנ ארײַנרײַסנ אינעמ שיפ מיט אנ אויסערגעוויינלעכער קראפט. נאָר דאָס איז ווייניק. אז דער שיפ זאָל אומקומענ דארפנ פארפולט ווערנ מיט וואסער אויכ די טריומענ. אונ צוליב דעמ דארפ מענ עפענענ די קלינקעטנ—יענע אײַזערנע ריגלענ, דורכ וועלכע די מאשינ־אָפטײלונג פאראייניקט זיכ מיט די נאָענטסטע טריומענ. אונ די רעטונג־פּאָמפּעס! זיי דארפנ קיינ פולע ניט האָבנ—גענוג עטלעכע קלעפ מיטנ האמער אונ זיי גייענ ארויס פונ סטרוי...

נאָר ווי מאכט מענ עס אלצ דורכ?

איכ קוק אפנ וואכמאנ—ער ליגט ווי א שטיק האָלצ, כאָטש נעמ אימ לעבעדיקערהייט.

ס׳הייבט אָנ אײַנוויגנ אויכ דעמ וואכטע־מאשיניסט. ער מעלדעט מיר:

— איכ בינ מײַנ צײַט אָפגעשטאנענ, כ׳וועל גיינ זוכנ מאסלאָבאָיעוונ.

איכ ענטפער אימ זייער העפלעכ, פארנייגנדיק זיכ:

— ביטע.

איכ האָב אויסגענוצט זײַנ אָפוועזנהײַט אונ באטראכט דעמ קלינקעט פונעמ הינטערשטנ טריומ. צו מײַנ גרויסער פרייד, איז ער געווענ אָפנ. מיר איז פארבליבנ נאָר מאכנ אזוי, אז מע זאָל אימ ניט קענענ צומאכנ. איכ האָב אפ די אײַנשניטנ פונ די שפינדלענ אָנגעדרייט דראָט. נאָכדעמ האָב איכ צוגעגרייט לעמ די קינגסטאָנענ א האמער, א זובילע, א שליסל אפ אָפדרייענ די הײַקעס. איכ בינ אוועק אינ קעמערל אונ אפ יעדנ פאל פארכאפט מיט זיכ א ברוסט־פּאס פונ קאָרקע. מע קענ צוטרעטנ צו דער ארבעט. נאָר דאָ פאלט ארײַנ א געדאנק, אז פונ דעמ וועט גאָרנישט ארויסגיינ. מע קענ מיכ הארגענענ פריִער, אײדער איכ וועל צוטרעטנ צו מײַנ צעשטערונגס־ארבעט. אונ מיר ווילט זיכ שלאָגנ אפ זיכער. ס׳ווילט זיכ זענ דעמ אומקומ פונעמ קעגנער מיט די אייגענע אויגנ.

אפ דער וואכטע איז געקומענ מאסלאָבאָיעוו.

ער ווײַזט זיכ מיר שוינ ניט אויס פאר קיינ מערדער. איכ הייב מיט אימ אָנ דער ערשטער צו ריידנ.

— נו, וואָס, גוט אויבנ?

מאסלאָבאָיעוו האָט, דערפרייענדיק זיכ, א מאכ געטאָנ מיט דער האנט:

— אוי, ווי דער יאמ האָט זיכ צעבייזערט! דער ווינט—א שרעק! קיינ ברעגנ זעט מענ ניט. אונדזער גאנצע „פּעכטורע״ ליגט אויסגעצויגנ, זיי קאָרטשענ זיכ, פונקט זיי וואָלטנ זיכ אָנשטעקנ מיט כאָליערע. ווי דענקט איר, הער באָלשעוויק, נאָכ אזא אופטרייסלונג קענענ סאָלדאטנ גיינ שלאָגנ זיכ, אָדער ניט?

— איכ ווייס ניט. נאָר אָט וואָס זאָגט מיר: פארוואָס רופט איר מיכ באָלשעוויק? איכ בינ אפילע אינ כאָלעמ קיינמאָל קיינ באָלשעוויק ניט געווענ.

[1]) קינגסטאָנ—די עפענונג אינ דער אונטערוואסער־טייל פונ שיפ.

— דערציילט דער באָבען! כאַ־כאַ! א סאָווע דערקענט מען נאָכן פליען, און א יונג — לויט די געדאנקען.

ער האָט אביסל א טראכט געטאָן און צוגעגעבן:

— וויפל דער הונט זאָל זיך ניט דרייען, וועט דער עק פאָרט בלייבן פון הינטן.

איך לערן אים, ווי מע דארף אָנטאפן די זיך אומדרייענדיקע מאָטילן. אָן א געוווינהייט איז עס א שווערע שטיקל ארבעט: מע קען צעשעדיקן די האנט. און וווּנדערבאר: איך באומרויק זיך וועגן אזא קלייניקייט און פארטראכט זיך גאָרניט וועגן דעם, אז דער דאָזיקער מענטש איז צוזאמען מיט אנדערע פארמישפּעט צום טויט.

מאמלאָבאָיעוו קען ניט שווייגן.

— וואָס אָבער ווילן זיך די קאָמוניסטן דערשלאָגן? איך קען ניט פארשטיין.

— יע, שווער צו פארשטיין. אפ דעם דארף מען האָבן א קלוגן קאָפּ.

דער מאשיניסט דערווידערט מיר עפּעס, נאָר איך הער אים ניט. בא מיר שאפט זיך א נייער פּלאן: איך באשליס אופרייסן דעם צילינדער. מיר, ווי א מעכאניק, איז עס ניט שווער אויסצופילן. דאן וועט זיך די מאשין־אָפּשטעלונג פארוואנדלען אין א פולשטענדיקן געוועם, וואָרין קיינער וועט ניט וואגן ארויפּלאָזן זיך, קעדיי צו ראטעווען דעם שיף. און איך וועל דאָ אָפּערירן אינגאנצן פריי...

ס'האָט זיך דערהערט א פייף, איך בין צוגעגאנגען צום טרייבל.

— וויפל אומדרייען גיט די מאשין? — האָט געפרעגט דער קאָמאנדיר.

— אכט־און־פופציק, — האָב איך געענטפערט.

דער קאָמאנדיר האָט זיך צעבייזערט.

— גיט ביז זיבעציק אומדרייען!

— פאראן! נאָר איך דארף אייך זאָגן, אז די קאָטשעגארן ארבעטן שלעכט.

— גיט זיי איבער, אז איך וועל זיי ארעסטירן...

— פאראן!

איך האָב איבערגעגעבן די קאָטשעגארן דעם קאָמאנדירס באפעל. זיי האָבן זיך אויסגעלאכט פון מיר, אָבער דאָך גענומען זיך פאר די לאָפּעטעס און אָנגעהויבן אונטערוואַרפן קוילן.

צו פארווירקלעכן מיין פּלאן בין איך צוגעטראָטן ניט גלייך. דאָס איז א גאנץ קאָמפּליצירטער אופטו. אייך, ווי ניט קיין ספּעציאליסט, איז דאָס, פּילייכט, שווער צו פארשטיין. נאָר כ'וועל פונדעסטוועגן פּרוּוון דערקלערן. די זאך באשטייט אין דעם, וואָס אלע ארבעטנדיקע טיילן פון מאשין זיינען געבויט אפן פּרינציפּ פון פּינקטלעכער אויסרעכענונג. מיין זאך איז — צעשטערן אָט די פּינקטלעכקייט. איך פארגרעסער דאָס שמירן די צילינדערס מער ווי מע דארף. דאָס אייל, וואָס פאלט אריין אין צילינדער וועט נאָכדעם אריינקומען אין אייזקעלטער, און פון דאָרטן דורך די לופט־פּאָמפּעס און שפּייז־פּאָמפּעס דערקלייבן זיך צו די קעסלען. אויסער דעם, זעטיק איך איבער מיט וואסער דעם לינקן קעסל. דאָס אלץ דארף מען צוליב דעם, אז אין קעסל זאָל אָנהייבן קאָכן: דאָס וואסער וועט נעמען בושעווען און צוזאמען מיטן דאמפּ א וואָרפטאָן זיך אין מאשין. און דאָס וועט ברענגען צום אופרייס פונעם צילינדער.

איך קוק אַף דעם וואַסער־מעסטער־גלאָז פון לינקן קעסל,—דאָס וואַסער האָט זיך אין אים אויפגעהויבן אַף דרײַ פּערטל. עס גייט אויסגעצייכנט. מיט אומגעדולד וואַרט איך אָפּן אופרײַס. דער וואַסער־מעסטער־גלאָז הייבט אָן ווײַס ווערן—דער שרעקלעכער מאָמענט דערנעענטערט זיך.

פלוצלינג, טיף פון דער נעשאָמע, ווי פון דעק יאַם, שווימט אויף אַ נײַער געדאַנק: אָפּשטעלן דאָס אַלץ. דערטרינקען די שיף וועל איך באַווײַזן אין יעדער צײַט. איך דאַרף אַ קוק טאָן דעם שלאַכט. און ס'איז נאָך אַ פראַגע: ווהין גייען מיר? ריכטיקער פון אַלץ, אַז איך האָב דאָ מיט זיך אַליין געכיטרעוועט. ס'האָט זיך מיר פּאָשעט געוואָלט לעבן נאָך אַ שאָ צווײ.

איך האָב פאַרקלענערט דעם גאַנג פון מאַשין און אַוועקגעלאָפן אין קאָטשעגאַרקע.

— מאַכט צו דעם בלאָז־זאַק פון לינקן קעסל!—האָב איך אַ געשריי געטאָן.—פאַרקלענערט דאָס פײַער! אונדז דראָט אַ געפאַר...

דעם מאָל האָבן די קאָטשעגאַרן שנעל אויסגעפילט מײַן באַפעל. אַפּאָנעם, אַז אין מײַן שטים און אין אויסדרוק פון מײַן געזיכט האָבן זיי דערפילט אַ גרויסע אומרויִקײַט.

איך האָב זיך אומגעקערט צום מאַשין און זיך מיד אַראָפּגעלאָזט אַפן טאַבורעט. אָפּגעריסן, צוהערנדיק זיך צום רויש פון יאַם. דערנאָך, ווען די געפאַר איז דורכגעגאַנגען, האָב איך פאַרגרעסערט דעם גאַנג פון מאַשין. מאַסלאָבאָיעוו שטייט ווידער צו צו מיר מיט געשפּרעכן.

— געהערט האָב איך, אַז אין אײַער קאָמוניסטישער מעלוכע עסט מען אַף אויסווייניק. איז דאָס ריכטיק?

— און דאָ?—פרעג איך.

— בײַ אונדז איז דערווײַל גאָט צו דאַנקען. און טאָמער עפּעס וואָס—וועלן די אויסלענדער העלפן.

אויסלענדער—דאָס איז מײַן אָנגעווייטיקטער אָרט. איך שרײַ צערייצט:

— פאַר וואָס? פאַר אײַערע אויגן?

— דאָס איז ניט וויכטיק—פאַר וואָס. נאָר זיי העלפן און וועלן אויך ווײַטער העלפן.

— זיי וועלן אַזוי העלפן, אַז בײַ יעדן רוסישן מענטשן וועט פון דער זשילעטקע נאָר די אַרבל פאַרבלײַבן.

מיר האָבן אַזוי גערעדט, ביז דאָס וואַרפן פון שיף האָט אויפגעהערט. דער געוווי אין די ווענטיליאַטאָרן האָט זיך ווי אָפּגעריסן. דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן פאַרקלענערן דעם גאַנג. דער וויסנגיריקער מאַשיניסט האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט.

— כ'וועל גיין אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך אויבן.

ס'האָט זיך אויפגעהויבן פון בריקל אויך מײַן לײַב־וועכטער, איבגעגאַנגען אַ שמוציקער און נאָך אַלץ ענלעך אַף אַ פאַרפעסטעטן.

עטלעכע מאָל האָט געקלונגען דער מאַשין־טעלעגראַף, איבערגעבנדיק פאַראָרדענונגען. איך פלעג אָפּשטעלן די מאַשין, דערנאָך געבן גאַנג אַף צוריק און ווידער

דרייען דעם רעגוליאַטאָר אפ „סטאָפּ". אין אביסל צײַט ארום האָט זיך דערהערט דאָס קראכן פונעם אנקער־קאַנאַט. אין מאַשין־אָפּטײלונג איז געוואָרן שטיל.

— האָט זיך געענדיקט שוין אונדזער רײַזע, וואָס?—האָט געפרעגט דער וואכמאַן, קומענדיק צו זיך פון דער יאַם־קרענק.

— וועגן דעם ווייס מען נאָר אפן בריקל.

— אײַנגעזונקען זאָל זי ווערן, אונדזער שיף! יאַם־שײדים זאָלן אפ איר פאָרן, און ניט קיין מענטשן.

כ'האָב ערשט איצט באַמערקט, אז דער פּאָנעם איז בא אים א גוטמוטיק־פוכלער, ארומגעוואָקסן מיט שטעכיקע האָר, מיט א נאַיִווער דורכזיכטיקײַט אין די ברייט־צעעפנטע אויגן. אָט דער דאָזיקער יונג, וואָס האָט אָפּגעלעבט אפ דער וועלט א יאָר פינף און צוואַנציק, האָט, אפּאָנעם, גאָרניש פארשטאַנען אין די רוסלענדישע געשעענישן. ס'האָט עפּעס א שטאָך געטאָן אין הארצן, נאָר איך בין געבליבן פעסט אין מײַן באַשלוס.

איך פרעג:

— ניט געפעלן דאָס שווימען?

— גוט, וואָס איך דין אפן ברעג, כ'וואָלט פארפאַלן געוואָרן אין יאַם...

ס'גייט אריין מאַסלאָבאָיעוו.

— אָט דאָס איז א נײַס! איין פּאַרטיזאַן האָט מען שוין געזען. האָט זיך אפ א וועלאָסיפּעד באַוויזן צווישן די סאָפּקעס. אָט זשוליקעס—האָבן אן אויסשפּיר אוועקגעשטעלט, א? פונקט, ווי עמעצע מיליטער־לײַט. נאָר, ווי ער האָט דערזען, אז דאָ איז מען אָנגעקומען ניט צו שפּילן אין זשמורקעס,—האָט ער זיך געלאָזט לויפן אפ צוריק! ווי קומען זיי צו שטעלן זיך קעגן אונדז! איין זאך בלײַבט זיי נאָר איבעראָנשמירן די פּיאַטעס—און אין וואַלד...

איך שטרענג אָן מײַן גאַנצן ווילנס־קראַפט, קעדיי ניט ארויסגעבן מײַן אויפרעגונג. איך פרעג מיט אן אָנגעשטעלטער גלײַכגילטיקײַט:

— הייסט עס, אז קיין שום שלאַכט וועט ניט פאָרקומען?

— און צוליב וואָס האָט מען די פערד מיטגענומען? מ'וועט אָניאָגן! דאָרטן האָט מען שוין אָנגעהויבן אראָפּלאָזן שליופּקעס.

די טופּערײַ פון פיס און די איינצלנע אויסגעשרייען, וואָס דערטראָגן זיך פון אויבן, באַשטעטיקן מאַסלאָבאָיעווס ווערטער. זיי שטעכן דורך דאָס לײַב, ווי מיט עלעקטרישן טאָק. נאָר מיך אינטערעסירט עפּעס אנדערש. איך פרעג אזוי זיך:

— ווו האָבן מיר זיך דאָס אָפּגעשטעלט?

— אין דער בוכטע... ווי רופט זי זיך? דער טײַוול זאָל עס נעמען! יאָ, בוכטע „אָטראַדאַ". אומעטום סאָפּקעס. א ווילדער אָרט...

דער מאַשיניסט האָט נאָך עפּעס גערעדט, נאָר איך האָב שוין גאָרניש פארשטאַנען. מיר זײַנען אָנגעקומען אהין, ווו עס געפינט זיך מײַן זון. ניט ווײַט פון דאַנען הייבט זיך אָן די טיפע טײַגע. דאָ האָבן זיך אויסגעבאַהאַלטן די פּאַרטיזאַנער. וועגן דעם ווייס איך פון ניקאָלײַס לעצטער מיטײלונג. ער איז געווען איבערצײַגט, אז מע וועט זיי פאר קיין פאַל ניט געפינען. נאָר מע האָט זיי אַנטדעקט. באַלד וועט מען זיי אָנהייבן פארניכטן.

ס'האָט בעקלאפט אינ די שלייפנ, אונ אינ קאָפ—פונקט ווי מאָטיליעס וואָלטנ זיכ
פאנאנדערוויגנ. וויפל צײַט איז אריבער? איכ האָב זיכ ניט אָפגעגעבנ קיינ רעכע־
נונג... ס'האָבנ זיכ דערהערט די ערשטע שאָסנ. אויבנ האָבנ געטופעט מענטשנ,
עפעס געשריִענ. דער מאשיניסט פלעגט אוועקלויפנ אונ אומקערנ זיכ צוריק. ער
האָט אומבאדינגט געמוזט טײַלנ זיכ מיט עמעצנ מיט די נײַס. ער איז אומגעלאָפנ,
געטומלט, געפאָכעט מיט די הענט. איכ האָב אימ ניט פארשטאנענ. די געדאנקענ
האָבנ זיכ אינ אומאָרדענונג געדרייט, ווי די זומער־פליגעלעכ פארנ זונ־פארגאנג. אונ
דערנאָכ האָט אינעמ פארטונקלטנ באוווסטזײַנ אויסגעוואָקסנ איינ פראגע—פארוואָס
האָב איכ ניט דערטרונקענ דעמ שיפ אינ וועג? די האָפענונג איז צעפאלנ געוואָרנ.
איכ בינ געשטאנענ ווי א געליימטער.

עמעצער האָט פונ מיר אראָפגעריסנ דאָס היטל. כ'האָב זי אופגעהויבנ, א קוק
געטאָנ. אונ ווענ איכ האָב דערזענ א קליינע לעכעלע אינ קאָזיראָק, האָב איכ פאר־
שטאנענ: דורכנ ליכט־ליוק איז ארײַנגעפלויגנ א קויל, האָט זיכ א קלאפ געטאָנ אָנ
אײַזנ אונ געמאכט א ריקאָשעט.

— גוט, וואָס זי האָט דעמ קאָפ ניט אָנגערירט,—האָט זיכ זאָרגזאמ אָפגערופנ
מאסלאָבאָיעוו.

דאָס האָט מיכ אויסגעניכטערט, איכ האָב זיכ גענומענ אינ די הענט. ניינ, פונ
מײַנ פלאנ וועל איכ זיכ ניט אָפזאָגנ. ס'איז אלצ געוואָרנ קלאָר, ווי אינ א פראָס־
טיקנ פרימאָרגנ.

ס'האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דער דעסאנט האָט נאָכ ניט באוויזנ אָפשווימענ אפ
די שליופקעס פונ באָרט, ווי די פארטיזאנער, וועלכע זײַנענ געווענ באהאלטנ אינ
די סאָפקעס, האָבנ זיי פארשאָטנ מיט פײַער. דאָס איז געווענ אפ אזויפיל אומגע־
ריכט, אז די ווײַסע האָבנ זיכ אָנגעוואָרנ. זיי האָבנ געוואָרפנ די שליופקעס אונ
פארקליבנ זיכ אפנ דאמפער. אלע האָבנ זיכ באהאלטנ אינ די טריומענ. איכ האָב
אליינ געהערט געשרייענ פונ פארווונדעטע.

דער מאשיניסט האָט מיר ווײַטער דערציילט, אָנ צאָרנ, אפילע ווי באגײַסטערט:
— אָט דאָס זײַנענ שיסער! דער קאָמאנדיר איז נאָר ארויס אפנ בריקל—באצ!
ער איז פארטיק. גלײַכ אינ הארצנ. דעמ געהילפ זײַנעמ—דאָס זעלבע. קיינער טאָר
זיכ אויבנ ניט באווײַזנ. אכ, זשוליקעס! איכ מיינ—בא זיי איז אפולע יעגער. יענע
קענענ מיט איינ דראָבינקע דערהארגענענ א וועווערקע גלײַכ אינ אויג, קעדיי ניט
צעפאטערנ דאָס פעלכל. א גרויסע געוווינהײַט. אונ וואָס טראכט איר וועגנ דעמ?

— איכ בינ א קליינ מענטשעלע. איכ טראכט גאָרנישט.

דער וואכמאנ פלעגט אופהייבנ די דורכזיכטיקע אויגנ אונ קוקנ אינ דערוואר־
טונג אפנ ליכט־ליוק.

א ווילדע בייזע האנאָע נעמט מיכ ארומ. מילכאָמע, איז מילכאָמע. איכ טאָר ניט
פאטערנ קיינ צײַט. איכ באפעל אונטערהאלטנ דעמ דאמפ אינ די קעסלענ אָפנ
העכסטנ גראד, זיי טרייסלענ זיכ, אויכ בא מיר אינ ברוסט טרייסלט זיכ אלצ. כ'האָב
זיכ פארוואנדלט אינ אנ אזארטנ קאָרטנ־שפילער. אינ קאָנ—אָנשטאָט גאָלד—דרײַ
הונדערט מענטשלעכע לעבנס. קיינער פונ זיי האָט אפילע ניט דעמ מינדסטנ פאר־

דאכט, אז זײַן גורל איז באשטימט. אינ אָט דעם דאָזיקן גראָענ קאָפּ זײַנען פאר־בליבנ אײנע קאָזיירים. דער געווינס איז געזיכערט.

גיט זײַענדיק אויבנ, שטעל איכ זיכ דאָכ גוט פאָר, וואָס דאָרטנ טוט זיכ. קײ־נער האָט ניט געקענט אופהײבנ זיכ אפנ בריקל, קעדיי צו פארנעמענ דעם אָנפירנ־דיקנ פּאָסט. אונ וועגנ אופהײבנ דעם אנקער, איז גאָר ניט געווענ וואָס צו טראכטנ.

די לאגע פונ די ווײַסע איז געווענ א פארצווייפלטע.

ענדלעכ, האָט זיכ אײנעם א מיטשמאנ אײַנגעגעבנ פויזענדיק דורכקלײַבנ זיכ אינ מאשינ־אָפּטײלונג. ער האָט זיכ אײַנגעאָרדנט אפ דער אויבערשטער פּלאטפאָרמע לעמ טיר אונ פונ דאָרטנ גענומענ געבנ פאראָרדענונגען:

— מעכאניק! א פולנ גאנג אפ צוריק!

פאר מיר איז געוואָרנ קלאָר, אז מע וויל זיכ ארויסקלײַבנ פונ בוכטע, ניט אופ־הײבנדיק דעם אנקער. נאָר איכ בינ ניט אזא נאר, איכ זאָל לאָזנ די מאשינ אינ פולנ גאנג.

פונ מײַנ זײַט האָב איכ באפוילנ דעם מאשיניסט:

— זאָג די קאָטשעגארנ זיי זאָלנ גוט דערלאנגענ, אנדערש וועלנ מיר זיכ ניט ארויסקלײַבנ פונ דעם דאָזיקנ מישמאש.

— גוט,—האָט ער געענטפערט אונ אָנ רייד זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ קאָטשע־גארקע.

איכ האָב צו אים א געשריי געטאָנ:

— אונ איר אלײנ גיט אכטונג אפ זיי!

איכ האָב אלצ אָפּגעטאָנ, קעדיי אופרײַסנ דעם צילינדער. כ'האָב מיט אומגע־דולד געוואָרפנ אויגנ אפ דעם וואסער־מעסטער־גלאָז. בא מיר איז געווענ אזא גע־פיל, ווי אינ נעשאָמע בא מיר וואָלטנ ארויסוואקסנ מעכטיקע לאפּעס פונ בײזוקײַס, וועלכע כאפּנ ארום דעם קעגנער פונ אלע זײַטנ, אונ שליסנ זיכ צונויפ אינ טויט־אָרעמס. ס'איז נאָר פארבליבנ ארויסלאָזנ די נעגל.

אומבאמערקט האָב איכ א קוק געטאָנ אפנ וואכמאנ. ער האָט זיכ אופגעהויבנ איבערנ טראפּ אפ עטלעכע טרעפּלעכ אונ זיכ אָפּגעשטעלט. האָט צוליב עפּעס א סאפּ געטאָנ די גראנאטע הינטערנ פּאס אונ פארוואָרפנ דעם קאָפּ, קוקנדיק אפ ארופ.

— א פולנ גאנג פאָרויס!—דערטראָגט זיכ צו מיר די אומרויִקע שטימ פונעם זעלבנ מיטשמאנ.

כ'האָב איבערגעקוקט די רעגוליאטאָרנ. די מאשינ האָט געארבעט. „לעבעדי" האָט זיכ געטרייסלט, פונקט ווי ער וואָלט פילנ די דערנעענטערונג פונעם געוויטער.

דער אנקער האָט זיכ, אפּאָנעם, שטארק אײַנגעקלאמערט מיט די אײַזערנע לאַ־פּעס אינ גרונט. דער שיפ האָט געקענט אומגײנ הינ אונ צוריק נאָר אפ דעם שע־טעכ, אפ וועלכנ עס האָט דערלויבט די לענג פונ קאנאט. מיר האָבנ זיכ אזוי אומ־געוואָרפנ, בײַטנדיק דעם גאנג, גאנצ לאנג.

פלוצלינג האָב איכ באמערקט, אז דאָס וואסער אינ גלאָז־מעסטער האָט גענומענ בלעולענ זיכ, אינ א ביסל צײַט ארום איז דאָס גלאָז ווײַס געוואָרנ, פונקט ווי אנ

אָנגעגאָסענע מיט מילך. באלד דארף זײַן א סאָפּ. ס'איז געבליבן עטלעכע מינוט לעבן.

— מילכאָמע, איז מילכאָמע! — האָב איך פאר זיך קאַלטבלוטיק איבערגעכאַזערט. כ'האָב געלאָזן די מאשין אין פולן גאנג.

דער אנקער־קאנאט האָט ניט אויסגעהאלטן — געפּלאצט.

דער אָפּיצער האָט מיט ניצאָכן אויסגעשריִען:

— ענדלעך זײַנען מיר אוועק, דער טײַוול זאָל עס נעמען!

ער האָט ארויסגערוקט דעם קאָפּ פון מאשין־אָפּטײלונג און האָט מיט א הויכן, זיך רײַסנדיקן קאָל פאראָרדנט:

— גיט איבער דעם רודערער — זאָל ער פירן אין יאַם!

אין מאשין האָט זיך דערהערט א שטויס, דערנאָך א צווייטער, א שטארקערער. איך האָב פארשטאנען, וואָס דאָס באַטײַט. איך האָב באוויזן ארויסשפּרינגען אהינ־טערן טיר פון קאָטשעגארקע, ס'האָט זיך דערהערט א קלאַפּ, ווי פון הארמאט, נאָך אים א צווייטער, א שארפערער מיט א מעטאלישן קלונג. דאָס דעקל פונעם צילינ־דער פון הויכן דרוק האָט זיך ארויסגעריסן און זיך ראשיק אראָפּגעקײַקלט אפ אונטן. די גאנצע מאשין־אָפּטײלונג האָט זיך אָנגעפילט מיט דאמף, א גאנצ הייסן אפילע אונטן. ער האָט זיך געריסן מיט א שרעקלעכן קויעך, מיט א פּײַפנדיקער ברוזערײַ, שאפנדיק אזא טומל, אין וועלכן ס'זײַנען פארטויבט געוואָרן די געשרייען פון די דול־געוואָרענע מענטשן.

ווי דורך א נעפּל, האָב איך דערזען, אז אונטן, אפן אײַזערנעם אָנבעס באוועגט זיך עפּעס. כ'בין צוגעגאנגען נעענטער, אײַנגעבויגן זיך, דאָס איז געווען דער וואכמאן. ער האָט געגייסעסט.

אפ א מאָמענט בין איך פארגליווערט געוואָרן, נאָר גלײַך זיך א וואָרפּ געטאָן צום לינקן באָרט, אהין, ווו עס האָבן זיך געפונען די קינגסטאָנען. אפן וועג האָב איך דערזען דעם אראָפּגעפאלענעם מיטשמאן. ער האָט זיך קוים באוועגט, א צע־שלאָגענער און אָפּגעבריטער. ארבעטן איז מיר אויסגעקומען קימאט אינדערפינצ־טער, אין קנוילן פון אָפּבריִענדיקן דאמף. די צוגעווױנטע הענט האָבן שנעל אָפּגע־דרייט די הײַקעס. איין געדאנק נאָר האָט געקאָכט דעם מויעך — גיכער, גיכער! ענדלעך זײַנען אונטערן דרוק פונעם וואסער די דעקלעך פון די קינגסטאָנען אָפּ־געוואָרפן געוואָרן. מיט א געברום האָט דאָס וואסער גענומען ארײַנרײַסן זיך אין שיף. וואָס נאָך איז מיר געבליבן צו טאָן? כ'האָב געכאַפּט דעם האמער און מיט גרויס אימפּעט גענומען קלאפּן איבער די זאַלאָטניק־שטאָקן פון דער רעטונגס־פּאָמפּע. מײַן פּלאן האָט זיך פארווירקלעכט אין דער פולער מאָס. קיינער וועט שוין ניט אָפּרא־טעווען דעם שיף. דרײַ הונדערט מענטשן זײַנען אויסגעמעקט פון לעבן. ווי וועלנדיק זיך איבערצײַגן אין דעם, בין איך בא א מינוט אָפּגעשטאנען אפ איין אָרט. דער געברום פון וואסער האָט זיך צונויפגעמישט מיטן פּײַפנדיקן ברויז פון דאמף. איך האָב געהערט די דאָזיקע מוזיק, צונויפדריקנדיק די ציין. אלץ איז געגאנגען גוט, בעסער דארף מען ניט. איך קוק זיך ארום. דער מיטשמאן ליגט שוין טויט. אײַנ־בייגנדיק זיך, גיי איך איבער צום צווייטן באָרט. ווי א שווארצער פלעק טיילט זיך

אויס דער אויסגעצויגענער וואכמאנ. איכ ווייס ניט צוליב וואָס, נאָר איכ ווענדע זיכ צו אים, צום טויטנ:

— אזוי איז עס, ברודער.

מער האָב איכ ניט וואָס צו טאָנ. דאָס איבעריקע וועט שוינ אוועקגיינ פונ זיכ אליינ. מע דארפ פרווונ, צי קאָנ מענ זיכ ניט ראטעווענ. אונטערנ אָנבעט איז בא מיר באהאלטנ דער קאָרקענער ברוסט־פאס. איכ כאפ אים אונ לויפ אינ קאָטשע־גארקע. דאָ איז קיינ איינ מענטש ניטאָ. אפּאָנעם, אז אלע זייַנענ אנטלאָפנ דורכ די טראפנ, וועלכע פארייניקט זיכ אומיטלבאר מיט דער אויבערשטער שיפ־דעק.

קוידעמקאָל דארפ מענ באפרייַענ די קעסלענ פונ פייַער. דאָס וועט פארקלענערנ די שאנסנ פונעמ קעסל־אויסרייַס. מיטנ קוילנ־אייַזנ אינ האנט ארבעט איכ פאר פינ־פענ, אָפגיסנדיק זיכ מיט שוויס. איבערנ אָנבעט האָט זיכ באוויזנ וואסער, הויבט זיכ אלצ העכער אונ העכער. „לעבעדי" האָט זיכ א קער געטאָנ אפנ לינקנ באָרט, אנ אומבאהאָלפענער אונ א נעבעכדיקער. נאָר בא מיר אינ דער נעשאָמע איז ניטאָ קיינ געפיל פונ שרעק, ניט קיינ כאראָטע.

ווענ דאָס וואסער האָט פארגאָסנ די אויוונס, האָב איכ זיכ אָפגעשטעלט אונ זיכ צוגעהערט. פונ מאשינ האָט זיכ נאָכ אלצ דערטראָגנ דער רויש פונעמ דאמפ, וועלכער האָט זיכ געריסנ אפ ארויס. איבערנ קאָפ האָבנ געהירזשעט פערד, ווילד געיאָמערט מענטשנ. איכ האָב דייַטלעכ פאָרגעשטעלט זיכ די לאגע פונעמ קענגער. זי איז געווענ א האָפנונגסלאָזע. אפנ שיפ פארבלייַבנ קענ מענ ניט—זי קומט אומ, ביסלעכווייַז אייַנזינקענדיק אינ אָפגרונט. די ווייַסע האָבנ זיכ געוואָרפנ אינ יאמ, האָבנ געזוכט די רעטונג אינעמ וואסער. איבער דער גאנצער בוכטע האָבנ, ווי קייַ־לעכער, זיכ צעשווומענ זייערע קעפּ, זיכ געצויגנ צו דער טריקעניש, געיאָמערט, געבעטנ דערבארעמונג.

איכ האָב אָנגעטאָנ אפ זיכ דעמ קאָרקעווונ ברוסט־פאס. אָפגעוואַרט ביז דאָס וואסער האָט זיכ נאָכ א ביסל אופגעהויבנ. דערנאָכ געכאפּט דעמ ליוק אונ גענומענ קריכנ אינ קוימענ.

קיינ רויכ איז שוינ ניטאָ. עס הייבט זיכ נאָר אופ א ווארעמער דאמפ. די גע־שרייענ פונ אויבנ ווערנ זעלטענער.

עס גייט דורכ נאָכ א ביסל צייַט. די קעסלענ באדעקנ זיכ מיט וואסער, די שיפ האָט זיכ אויסגעגלייַכט, דער דאמפ איז אנטרונענ. אינ דער עפענונג פונ דער טרויב זעט זיכ א קייַלעכדיקער שטיקל פונעמ פינצטער געוואָרענעמ הימל. עס צינדנ זיכ אָנ די שטערנ. עס ווערט, אפּאָנעם, נאכט. ארומ מיר מורמלט עפּעס אזוי שוידערלעכ. דאָס רייַסט זיכ ארויס אינ דרויסנ די לופט, וואָס האָט זיכ ערגעצ פארהאלטנ.

איכ רעכנ אונטער די שאנסנ פונ מייַנ רעטונג. וויפל זייַנענ זיי? פינפ פונ הונ־דערט? ניינ, ווייניקער. עס דוכט זיכ אויס, אז באלד וועלנ זיכ אופרייַסנ די קעס־לענ, ס'וועט מיכ אונטערוואַרפנ אינ דער לופטנ. פאראנ אויכ א צווייטע געפאר: די שיפ קענ זיכ זעצנ אפ א זאמדיק אָרט, דאנ וועל איכ זיכ ניט ארויסקלייַבנ פונ אָט דער שווארצער לאָכ. אונ איכ שווימ שוינ אינעמ אייַזערנעמ קרייַז, דער דיאמעטער פונ וועלכנ איז ניט מער פונ צוויי ארשינ. אונ איכ ווער פארגליווערט פונ קעלט. עס קלאפּנ די ציינער.

עס כראָפּען די פערד, עמעצער בעט מיט א הארצרײַסנדער שטים:

— כאַווײַרים... ראטעוועט...

א צווייטער מיט א הייזעריקן קאָל בעט ראַכמים:

— א טרונק וואסער... אין הארצן ברענט...

דאָס זײַנען פארבליבן אפן שיפ־דעק די פארוווּנדעטע. זייערע קרעכצן פײַניקן דעם מארך, ציִען ארויס די נעשאָמע. עס זײַנען פארניכטעט דרײַ הונדערט מענטשן. איך—דער הויפּט־שולדיקער פון זייער אומקום. און בא זיי איז, ווי בא מיר, אויך פאראן ווײַבער און קינדער, פאראן מוטערס...

איך פארווארפ דעם קאָפּ און קוק אפן הימל. גלײַכגילטיק ברענען די ווײַטע לעמפּעלעך.

איך פרעג, פונקט איך וואָלט עמעצן ווארפן אן ארויסרופ:

— נו, וואָס?

ניין, עס בלײַבט מיר מער גאָרניט, ווי נאָר צעברעכן דעם שארבן אָן דער פארפלוכטער טרויב.

נאָר דאָ, ווי אלעמאָל, שווימט אופ א ביטערער געדאנק. ער וועט מויכל זײַן יעדן טאט. עס דערמאָנען זיך די כאַווײַרים, וואָס זײַנען פארבליבן פארקאָרקעוועט אפ דער בערלינע. זייערע לעבנס זײַנען, ווי פליגן, פארקוועטשט אין דעם אײַזערנעם פויסט פונעם קענגער. ניט הײַנט—מאָרגן וועלן זיי מיט א באלאסט אפן האלדז ארײַנגעוואָרפן ווערן אין יאם. ווער און מיט וואָס פארא לאָט קען אויסמעסטן די טיפקײַט פון זייערע לײַדן?

„לעבעדי״ האָט זיך פלוצלינג א וויג געטאָן, אופגעציטערט, ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן פאר זײַן אומקום. אונטער אים האָט גענומען אָפּטרעטן דאָס וואסער, מיט ראש האָט ער גענומען אײַנזינקען. אין שווידערלעכער שרעק האָבן גענומען הירזשען די פערד. אויבן, דורכן טרויב, האָט זיך ראשיק א לאָז געטאָן דאָס וואסער, האָט צוניפגעדריקט מיט איר מאסע. איך האָב זיך פארדרייט אינעם וואסער־געווירבל, ארָאָפּלאָזנדיק זיך צוזאמען מיטן שיפ אפן דעק. ווי א פרוזשינע האָט זיך צוניפגעדרייט די נעשאָמע, אופגעקוועטשט, פארהילט אין כוישעך.

דער קאָרקעווער ברוסט־פאס האָט מיך ארויסגעוואָרפן אפ דער אויבערפלאך. מיט פארשטאָפּטע לונגען, א פארשטיקטער, האָב איך גענומען שווימען צום נאָענטסטן ברעג.

ווי האָבן אויסגעהאלטן מײַנע מוסקולן? ווי האָבן זיך ניט אָפּגעריסן די נערוון? ס'איז שווער צו פארשטיין.

אין דער ווײַט, באַם פוס־געשטעל פון די סאָפּקעס, האָבן זיך געזען פלאקערנדיקע שײַטערס. ס'האָט א בליץ געטאָן א געדאנק—דאָס איז דער פארטיזאנישער לאגער. א צעקוועטשטער, א צעפרוירענער האָב איך געפויזעט אהין, ווי א הונט מיט אן איבערגעבראָכענעם רוקן, געפויזעט לענגויס דעם ברעג און געשריִען שטארק ביז הייזעריקײַט.

— שטיי, טײַוולשער קאָפּ!—האָט זיך פלוצלינג דערהערט א גרויזאמער קאָל,—וווּהין שפארסטו?

שארפ האָבן זיך אָנגעצילט די באגנעטן, גרייט זיך ארײַנשטעכן אין מײַן האלב-

טויטן קערפּער. איך האָב דערפילט די עקלהאַפטע קעלט פון שטאָל. נאָכאַמאָל איז מיט ווייטעק פאַרציטערט געוואָרן די נעשאָמע. איַינזינקענדיק ערגעץ ווי א בלינדער, האָב איך באַוויזן אויסקרעכצן מיטן צעטריקנטן מויל:

— ווו איז מיַין זון, ראַזדאָלני?

עס האָט זיך אויסגעוויזן, אז איך בין ווידער אין דער שוואַרצער טרויב, א שרעקלעכער וואַסער־געווירבל האָט מיך געדרייט און געצויגן אַפ אַראָפ. נאָר עמעצנס הענט האָבן מיך שטאַרק אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען, געטרייסלט. כ'האָב דיַיטלעך דערהערט א שטים:

— אָט, ווו ער האָט זיך געפונען...

מע האָט מיך אונטערגעכאַפּט אַפ די הענט און ערגעץ אַוועקגעטראָגן. כ'האָב זיך געוויגט ווי אַפ די כוואַליעס. איין געדאַנק נאָר האָט זיך שווער געדרייט אין קאָפּ: ווי קען מען גיין איבערן וואַסער? און ווען איך האָב דערזען די שיַיטערס און די מענטשן, האָב איך אָנגעהויבן שריַיען און דערוויַיזן, אז „לעבעדי“ איז דערטרונקען דורך מיר. ס'האָבן געשמייכלט פּנעמער, הונדערטער פּנעמער, ס'האָבן זיך געדרייט פיגורן, געברומט, געדריקט מיר די הענט, געשאָקלט. ניקאָליַי פלעגט זיך עפּעס פאַרוואַנדלען אין פּאַווליקן, און דערנאָך פלעגט פּאַווליק אויסוואַקסן אין ניקאָליַיען, און מיטאַמאָל פלעגט עס אַלץ איַינזינקען אין דער פינצטערניש, ווי אין א קוילן־גרוב. דאָס אַלץ פלעגט נאָך דעם פאַרביטן ווערן אין קאָשמאַרע זעונגען. אַזוי האָט עס געדויערט ביז אינדערפרי.

איך האָב זיך פאַרוווּנדערט, וואָס אַפ מיר זיַינען פרעמדע טרוקענע קליידער. דער ווינט האָט געגלעט דעם פּאָנעם. די שפּיצן פון די ביימער האָבן געצייכנט די קלאָרע בלויקיַיט פונעם הימל. אין רויש פון דער טיַיגע האָבן זיך מאָדנע איַינגעפלאָכטן די שטימען פון מענטשן. און נאָך מער האָב איך זיך פאַרוווּנדערט, וואָס אָנשטאָט ניקאָליַיען האָט זיך לעם מיר געדרייט פּאַווליק, און לעם אים איז געשטאַנען יעגאָרקע.

— טאַטע, מיר האָבן געוווּסט אז „לעבעדי“ גייט צו אונדז, — האָט באַגיַיסטערט מיטגעטיילט פּאַווליק.

— ווי קומסטו אַהער? — האָב איך געפרעגט, פאַרכליניענדיק זיך פון פריידיקער אויפרעגונג.

— מיך מיט יעגאָרקען האָט געבראַכט — ווייסט ווער? דער כאַווער יעוסייענקאָ. געדענקסט — דער רודערער פון „לעבעדי“? איך מיט יעגאָרקען לייגן איצטער פאַנאַנדער שיַיטערס און קאָכן טיי פאַר די פּאַרטיזאַנער. דער הויפּט־נאַטשאַלניק אַליין האָט אונדז אָנגעטרויט אָט די אַרבעט. ערן וואָרט! און ניקאָליַיען האָט מען אויסגעקליבן פאַר א נאַטשאַלניק פון שטאַב. סאַראַ בייזער ער איז געוואָרן! היַינט ווי ער נעמט זיך דאָס איבער! דורכן ליפּ שפּיַיט ער שוין מער ניט...

פּאַווליק האָט זיך געיַילט אויסדערציילן מיר אַלץ, וואָס אים איז באַוווּסט. און איך, נאָך אַלץ א קראַנקער, נעם מיט שווערקיַיט אויף דיווירקלעכקיַיט: איך גלייב עפּעס ניט, אז איך געפין זיך אַפ דער האַרטער ערד, צווישן פּאַרטיזאַנער.

אָנאַזיַיט זיַינען געשטאַנען געפאַנגענע, אַרומגערינגלטע דורך די וואַכליַיט. עס האָט זיך אָנגעקליבן א מאַן פערציק. דאָס זיַינען געווען מענטשן פון יענער וועלט.

ניקאָלײַ. א שטרענג־סאָלידער, ניט ענלעכ אפנ פריִערדיקנ נאַיווג ייִנגל,—האָט דורכ־געפירט איבער זײַ די אױכפאָרשונג. איכ געדענק, ווי דורכ א נעפל, ווי מע האָט געסאָרטירט די געפאנגענע. פונ איינ גרופּע האָט געקוקט אפ מיר מאכלאָבאָיעוו, א דערשלאָגענער אונ אנ אויכעסיקער, ווי א האָפנונגסלאָזער פאציענט וואַרט אפנ דאָקטער.

— לאָזט אימ אָפּ,—האָב איכ געבעטנ פארנ מאשיניסט.

די פארכיזאנער האָבנ א ביסל א טוכל געטאָנ אונ געמאָלדנ מאכלאָבאָיעוונ וועגנ מײַנ פארלאנג. ער האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, באטראכט אלעמענ מיט אופ־געלעכטע אויגנ.

— כאווײרימ! צוליב מײַנ נארישקײַט בינ איכ געווענ אפ דער אנדער זײַט. אונ איצטער בעט איכ—קענ איכ בלײבנ מיט אײַכ?

שטימענ פונ באוויליקונג האָבנ זיכ צעטראָגנ פונ אלע זײַטנ.

פונ די געפאנגענע האָט מענ א מאנ צענ אָפּגעפירט אָנאזײַט.

די טײַגע האָט זיכ פאר ולט מיט ווילדע יאָמער־געשרייענ.

ניט ווײַט, ארומגערינגלט דורכ די שטעכיקע כאָפּקעס, האָט זיכ געבלויט די בוכטע „אָסראדא“, פונעמ דאמפער „לעבעדי“ האָט זיכ נאָר ארויסגעוויזנ די אויב־בערשטע טייל פונ מאכטבוימ. זי האָט זיכ געקרײַצט איבערנ וואסער, ווי דער סימוואָל פונ דער טראגעדיע, וואָס האָט זיכ דאָ פאנאנדערגעשפילט.

יִרִיש—ה. קאראסיק.

---

# דער גרויסער וועג צום קאָמוניזמ

סאָוועטנ־וויַסרוסלאַנד, פּונקט ווי אונדזער גאַנצע לאַנד פונ סאָציאַליזמ, טרעט אַריַנ אינ דער פאַזע פונ צוגרייטנ די גרעסטע אַלפאָלקישע פּאָליטישע קאַמפּאַניע — די וואַלנ אינ אָרטיקע סאָוועטנ פונ די דעפּוטאַטנ פונ די אַרבעטנדיקע. די דאָזיקע וואַלנ ווערנ צום ערשטנ מאָל דורכגעפירט אפנ גרונט פונ דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע.

די וואַלנ אינ די געגנטלעכע, ראַיאָנע, שטאָטישע און דאָרפישע סאָוועטנ פונ די דעפּוטאַטנ פונ די אַרבעטנדיקע וועלנ זיַנ פאַר די פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס אַנ עמעסער פּאָליטישער עקזאַמענ. דער פירער פונ אונדזער פּאַרטיי כאַווער סטאַלינ האָט פונ דער טריבונע פונ XVIII היסטאָרישנ צוזאַמענפאָר פונ אַלקפּ(ב) אַרויסגעשטעלט אַנ אויפגאַבע: „אומאָפּנוויַגבאַר דורכפירנ אינ לעבנ אונדזער סאָציאַליסטישע קאָנסטיטוציע, פאַרווירקלעכנ ביזנ כאָפּ די דעמאָקראַטיזאַציע פונ פּאָליטישנ לעבנ פונ לאַנד, פאַרפעסטיקנ די מאָראַליש־פּאָליטישע אייַנהייט פונ דער סאָוועטישער געזעלשאַפט און די פריַנטלעכע מיטאַרבעט פונ די אַרבעטער, פּויערימ, אינטעליגענצ, פעסטיקנ מיט אַלע מיטלענ די פריַנטשאַפט פונ די פעלקער פונ פססר, אַנטוויקלענ און קולטיווירנ דעמ סאָוועטישנ פּאַטריאָטיזמ".

די דערפאָלגרייַכע צוגרייטונג און דורכפירונג פונ די פאָרשטייענדיקע וואַלנ אינ די אָרטיקע סאָוועטנ פונ די דעפּוטאַטנ פונ די אַרבעטנדיקע וועלנ מיטהעלפנ שנעלער צו פאַרווירקלעכנ די אָנווייַזונגענ פונ כאַווער סטאַלינ. מיר דאַרפנ בויענ די גאַנצע פאָרוואַל־אַרבעט אַזוי, אַז די וואַלנ אינ די אָרטיקע סאָוועטנ זאָלנ באַווייַזנ נאָכאַמאָל פאַר גאָר דער וועלט די גרויסע קראַפט פונ דער מאָראַליש־פּאָליטישער אייַנהייט פונ סאָוועטישנ פאָלק, די מעכטיקייט פונ סטאַלינישנ בלאָק פונ די קאָמוניסטנ און אומפּאַרטייִשע, די גרענעצלאָזע ליבשאַפט פונ סאָוועטישנ פאָלק צו דער פּאַרטיי און סאָוועטנמאַכט, די איבערגעגעבנקייט צום היימלאַנד און צום באַליבטנ פירער פונ אַלע אַרבעטנדיקע דעמ גרויסנ סטאַלינ.

די גרויסע אַרמיי פונ אונדזער׳ע פּראָפּאַגאַנדיסטנ און אַגיטאַטאָרנ וועט דאַרפנ דערפירנ צום באַוווּסטזייַנ פונ יעדנ אַרבעטנדיקנ וועגנ די גלענצנדיקע סאַכאַקלענ פונ די זיגנ פונ סאָציאַליזמ. דערציילנ, וויאַזוי אפנ אָרט פונעמ אַלטנ רוסלאַנד, אַ לאַנד מיט זייער אַ נידעריקנ ניוואָ פונ טעכניק, אַ לאַנד אַנ אָרעמנ אינ עקאָנאָמישער הינזיכט, איז געשאַפנ געוואָרנ, צום ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהייט, אַ מעכטיקע סאָציאַליסטישע אינדוסטריעלע מעלוכע מיט אַ מעכטיקער מאַשיניזירטער לאַנדווירטשאַפט. דערציילנ, וויאַזוי די פעלקער פונ אונדזער לאַנד, פאַראייניקטע אַרום דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס, באַגייסטערטע פונ דער אידיי פונ קאַמפ פאַרנ קאָמוניזמ, האָבנ געשאַפנ אַ מעלוכע, וואָס איז גרייט צו יעטווידע

צופעליקײטנ מיצאד דער קאַפּיטאַליסטישער װעלט, א מעלוכע, װאָס פאַרמאָגט א גלענצנדע ארמײ, א ליבלעכ פאַרבונדענע מיטנ פאָלק, אונ װאָס פאַרמאָגט א לאַנדשוצ=אינדוסטריע, װעלכע איז פײַנ פּראָדוצירנ אינ א מאַסנ=מאַסשטאַב אַלע הײַנטצײַטיקע שוצ=געװער.

ס'איז אויסגעבויט געװאָרנ א סאָציאַליסטישע מעלוכע, א פולשטענדיק אומאָפּ=הענגיקע אינ טעכניש=עקאָנאָמישנ הינזיכט. אינ דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, דעמ גאָלדענעמ בוכ פונ די זיגנ פונ סאָציאַליזמ, האָט דאָס סאָװעטישע פאָלק פאַר=פיקסירט דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ פאַקט, װאָס זײַנ באַדײַטונג איז פאַר דער גאַנ=צער מענטשהײַט אומגעהויער גרויס.

װוּנדערבאַרע ענדערונגענ זײַנענ פאָרגעקומענ אינ אונדזער לאַנד. עס האָט זיכ אינ גרונט געענדערט זײַנ אויסזענ. אפילע די ערד, װי זי װאָלט געפילט, אז ס'איז געקומענ דער געזעצלעכער, עמעסער באַלעבאָס אונ בויט אָפּ איר א נײַ, פרײַ לעבנ, פונקט װי זי װאָלט זיכ איבערגעאַנדערשט, האָט געעפנט די גאַנצע שעפע פונ אירע רײַכטימער. אָפּ דער ראַכװעסדיקער טעריטאָריע פונ אונדזער הײמלאַנד—פונ די װעלדער אונ פעלדער פונ װײַסרוסלאַנד ביז דער טײַגע אונ אָקעאַנישע ראַכװעס פונ װײַטנ מיזרעכ, פונ דער זוניקער גרוזיע ביז די אײַז=פעלדער פונ דער ארקטיק, פונ דער גרויסער לענינ=שטאָט מיט איר מעכטיקער אינדוסטריע ביז די בערג פונ פאַמיר—אומעטומ זײַנענ פאָרגעקומענ װוּנדערבאַרע ענדערונגענ, װעלכע רײדנ װעגנ דער טיטאַנישער ארבעט, װאָס אונדזער פאָלק האָט אָפּגעטאָנ אינ קאַמפּ פאַר בויענ דעמ סאָציאַליזמ. עס זײַנענ געשאַפנ געװאָרנ נײַע אינדוסטריע=צװײַגנ, קאָלאָ=סאַלע שטעט, גאַנצע אינדוסטריעלע ראַיאָנענ. עס זײַנענ גערופנ צומ לעבנ רײַכטימער, װאָס זײַנענ טויזנטער יאָרנ געלעגנ פאַרבאָרגנ אינ די טיפענישנ. עס זײַנענ אופגעע=ריסנ געװאָרנ בערג, דורכגעגראָבנ געװאָרנ קאַנאַלנ, פאַרצאַמט געװאָרנ טײַכנ. די אומענדלעכע ראַכװעסנ פונ די קאָלװירטישע פעלדער האָט פאַרנומענ דאָס אָרט פונ דער געבעכדיקער פאַנאָראַמע פונעמ פאַררעװאָליוציאָנערנ דאָרפ.

לויטנ ניװאָ פונ דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע האָט אונדזער לאַנד צומ XVIII פּאַרטײ=צוזאַמענפאָר פאַרנומענ דאָס ערשטע אָרט אינ אײראָפּע אונ דאָס צװײטע—אינ דער װעלט. ס'איז ניטאָ אזא מאַשינ, אזא פאַבריקאַט, װאָס עס זאָל ניט קאָנענ געבנ אונדזער אינדוסטריע. אינעמ קירצסטנ טערמינ האָבנ מיר לויט דער ניװאָ פונ דער טעכניק אריבערגעיאָגט אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער פונ אײראָפּע. ס'איז געלײזט געװאָרנ די הויפּטלעכע װירטשאַפטלעכע אופגאַבע פונ צװײטנ פינפיאָר—פאַרענדיקנ די טעכנישע רעקאָנסטרוקציע פונ דער פאָלקסװירט=שאַפט. שוינ אינ 1937 יאָר האָבנ איבער פיר פינפטל פונ דער גאַנצער אינדוסטריע=לער פּראָדוקציע געגעבנ די אונטערנעמונגענ, װאָס זײַנענ אויסגעבויט געװאָרנ אָדער פולשטענדיק רעקאָנסטרוירט געװאָרנ פאַרנ פעריאָד פונ די סטאַלינישע פינפיאָרנ.

ענדגילטיק אונ אײנמאָל פאַר אַלעמאָל האָט געזיגט די סאָציאַליסטישע פּראָדו=ציר=סיסטעמ אינ אַלע געביטנ פונ אונדזער פאָלקסװירטשאַפט. ס'איז אופגעטאָנ גע=װאָרנ דאָס, װאָס איז געװענ דאָס שװערסטע אינ דער סאָציאַליסטישער רע=װאָליוציע,—ס'איז פאַרװירקלעכט געװאָרנ די קאָלעקטיװיזאַציע פונ מיליאָנענ קלײנע אונ קלענסטע אײנצלפויערישע װירטשאַפטנ. ס'איז דורכגעפירט געװאָרנ די טיפסטע

רעוואָליוציאָנערע איבערקערעניש, וואָס איז גלײַכ לויט אירע פאָלגנ צו דער רעוואָליוציאָנערער איבערקערעניש אינ אָקטיאַבער 1917 יאָר. אפ די קאָלווירטישע פעלדער האָט זיכ באַוויזנ א פילאַרטיקע אונ קאָמפּליצירטע טעכניק, וועלכע עס האָבנ באַהערשט אויסגעצייכנטע קאַדרעס, וואָס זײַנענ אויסגעוואָקסנ אינ דאָרפ, וואָס זײַנענ דערצויגנ געוואָרנ דורכ דער פּאַרטיי פונ לענינ-סטאַלינ. עס זײַנענ פאַרניכטעט געוואָרנ אינווייניק אינ לאַנד די לעצטע קוואַלנ פונ רעסטאַווירנ דעמ קאַפּיטאַליזמ אונ גלײַכצײַטיק זײַנענ געשאַפנ געוואָרנ נײַע, אַנטשיידנדיקע באַדינגונגענ פאַר אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ.

פאַר די יאָרנ פונ צווייטנ פינפיאָר איז געלייזט געוואָרנ די גרונטיקע היסטאָרישע אויפגאַבע—ליקווידירנ אַלע עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ אונ די סיבעס, וועלכע געבוירנ זיי. עס האָט זיכ געענדערט די קלאַסנ-סטרוקטור פונ אונדזער געזעלשאַפט. עס זײַנענ אָפּגעווישט געוואָרנ אונ אָפּגעפאַלנ סײַ די עקאָנאָמישע אונ סײַ די פּאָליטישע ווידערשפּרוכנ צווישנ די אַרבעטער, פּויערימ, אינטעליגענצ. דער סאָציאַליזמ איז אַרײַנ אינ שטייגער פונ אונדזער פאָלק, אונ די אַרבעטנדיקע פונ סאָוועטנ-לאַנד זײַנענ אינ זייער איבערוועגנדיקער מאַסע אַקטיווע אונ באַוווּסטזיניקע בויער פונ דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. דאָס לאַנד איז אַרײַנגעטראָטנ אינ א נײַער פאַזע פונ זײַנ אַנטוויקלונג—פונ פאַרענדיקנ בויענ די אָנקלאַסאָווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אונ בעהאַדראָגעדיק אַריבערגייענ פונ סאָציאַליזמ צומ קאָמוניזמ. דער XVIII צוזאַמענפאָר פונ דער פּאַרטיי פונ לענינ-סטאַלינ איז א היסטאָרישע שטופע אפ אונדזער וועג צומ קאָמוניזמ.

* * *

די אַרבעטנדיקע פונ סאָוועטנ-ווײַסרוסלאַנד באַגעגענענ די וואַלנ אינ די אָרטיקע סאָוועטנ פונ די דעפּוטאַטנ פונ די אַרבעטנדיקע מיט גראַנדיעזע דערפאָלגנ אפ אַלע פראָנטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. אינ די טעג פונ די וואַלנ ווערט דאָס 6-מיליאָניקע פאָלק פונ אונדזער רעפּובליק נאָכ אונ נאָכאַמאָל דעמאָנסטרירנ זײַנ גרענעצלאָזע ליבשאַפט צו דער פּאַרטיי אונ סאָוועטנמאַכט, זײַנ איבערגעגעבנקייט דעמ היימלאַנד אונ דעמ באַליבטנ פירער פונ אַלע אַרבעטנדיקע, דעמ בעסטנ פרײַנט פונ ווײַסרוסישנ פאָלק, דעמ גרויסנ סטאַלינ.

אַדאַנק דעמ אומאָפּגעוויינבאַרנ דורכפירנ די לעניניש-סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק אונ דער ברידערלעכער הילפ פונ העראָישנ רוסישנ אַרבעטער-קלאַס, האָט זיכ ווססר פונ א לאַנד אַנ אָפּגעשטאַנענעמ, אַנ אָרעמנ אונ אָנמעכטיקנ אינ דער פאַרגאַנגענהייט פאַר די יאָרנ פונ איר עקזיסטענצ פאַרוואַנדלט אינ א בליִענדיקער אינדוסטריעל-קאָלווירטישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק פונעמ גרויסנ סאָוועטנפאַרבאַנד. די צאַרישע רעגירונג אונ די רוסישע אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע האָבנ מיט אַלע מיטלענ געשטערט צו שאַפנ א גרויסע אינדוסטריע אינ די ראַנד-געגנטנ. זיי האָבנ מיט אַלע מיטלענ געשטרעבט „צו פאַרוואַנדלענ די ראַנד-געגנטנ אינ אויסשליסלעכ רויוואַרג-ראַיאָנענ, וואָס ווערנ עקספּלואַטירט דורכ די אינדוסטריעל-אַנטוויקלטע צענטראַלע ראַיאָנענ“.[1]

---

[1] די אַלקפּ(ב) אינ רעזאָליוציעס. ערשטער טייל. זײַט 504.

אינ 1913 יאָר האָט די אַלגעמיינע פּראָדוקציע פונ דער לאַנדווירטשאַפט פונ רוסלאַנד איבערגעשטיגנ די פּראָדוקציע פונ דער אינדוסטריע אינ צוויי מאָל, פונ ווײַסרוסלאַנד—אינ דרײַ מאָל, די צעשטויבטע אונ צעברעקלטע קוסטאַרישע אונ־טערנעמונגענ האָבנ פאַרנומענ אינ דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע פונ דער גאַנצער אינדוסטריע פונ ווײַסרוסלאַנד 70 פּראָצ.

אינ 1913 יאָר איז אָפּ איינ אײַנוווינער פונ ווײַסרוסלאַנד אויסגעקומענ אינ 3,5 מאָל ווייניקער אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אונ אינ 15 מאָל ווייניקער עלעקטרישע ענערגיע ווי אינ צענטראַלנ טייל פונ רוסלאַנד.

די דאָזיקע אָפּגעשטאַנענקײַט ווערט בוילעט אויסגעדריקט אינ דעם נישטיקנ געברויכ פונ די וויכטיקסטע מינימ רוּוואַרג, האַלב־פאַבריקאַטנ אונ מאַשינעס. דרײַ ווײַסרוסישע גובערניעס (מינסקער, וויטעבסקער אונ מאָלעווער), וועלכע האָבנ פאַרנו־מענ 5,2 פּראָצ. אינ באַצוג צו דער באַפעלקערונג פונ רוסלאַנד, האָבנ אַרײַנגעפירט אינ 1910—1911 יאָרנ אײַזנ, שטאָל אונ משוהונ 0,89 פּראָצ., שטיינקוילנ—1,1 פּראָצ., פאַבריק־זאַוואָדישע מאַשינעס—1,5 פּראָצ. פונ די אַלגעמיינ רוסלענדיישע טראַנספּאָרטירונגעג.

די צווײַגנ־סטרוקטור פונ דער אינדוסטריע פונ פאַררעוואָלוציאָנערנ ווײַסרוסלאַנד האָט געטראָגנ א בוילעט אויסגעדריקטנ קאָלאָניאַלנ כאַראַקטער. די עקספּלואַטאָרי־שע קלאַסנ האָבנ געבויט הויפּטזאַכלעכ אונטערנעמונגענ אָפּ דער ערשטיקער באַאַר־בעטונג פונ רוּוואַרג.

די שפּײַז־אינדוסטריע, וועלכע איז מער ווי אָפּ א העלפט באַשטאַנענ פונ ספּירט־בראַנפנ־זאַוואָדנ, אונ אויסער דעם פונ קראָכמאַל־פּאַטיקע־זאַוואָדנ, אייל־זאַוואָדנ אונ מילנ, האָט געגעבנ 28 פּראָצ. פונ דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע פונ דער גאַנצער צענזנ־אינדוסטריע. די האָלצ־באַאַרבעטנדיקע אינדוסטריע, הויפּטזאַכלעכ די זעג־מילנ האָט פאַרנומענ אינ דער אינדוסטריע פונ ווײַסרוסלאַנד 21,5 פּראָצ. אינ ווײַסרוס־לאַנד איז אָפילע קיינ סימענ ניט געווענ פונ דער פּראָדוקציע פונ מאַשינעס אונ אויסשטאַטונג.

האַלטנדיק ווײַסרוסלאַנד אינ פולשטענדיקער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער אָפּ־העניקײַט, האָט די צאַרישע רעגירונג מיט אַלע מיטלענ טאָרמאָזירט דאָס אַלזײַ־טיקע דערלערנענ אונ אויסנוצנ אירע נאַטירלעכע רײַכטימער. די רײַכסטע רעזערוונ פונ טאָרפ, וואַלד אונ אַנדערע נאַטירלעכע נוציקע מינעראַלנ פלעגנ אינגאַנצנ ניט פאַנאַנדערגעאַרבעט ווערנ.

בלויז אינ 3—4 ערטער פלעגט אָפּ א האַנט־אויפנ אַרויסבאַקומענ ווערנ טאָרפ. ס'איז קיינ סימענ ניט געווענ פונ דער אינדוסטריע פונ צעמענט, פונ דער כימישער, פּאָספּאָרימנ, שובוואַרג, פונ דער נײַ־אינדוסטריע אונ פונ א ריי אַנדערע אינדוסט־ריע־צווײַגנ בײַ א גענוגנדיקער צאָל פונ אָרטיקנ רוּוואַרג.

אינ פאַררעוואָלוציאָנערנ ווײַסרוסלאַנד—אינ דער צאַרישער קאָלאָניע זײַנענ מיט אַ אויסשליסלעכער גרויזאַמקײַט עקספּלואַטירט געוואָרנ די ברייטע אַרבעטנ־דיקע מאַסנ. די לענג פונעם אַרבעטס־טאָג אינ אַזעלכע, צום בײַשפּיל, אינדוסטריע־צווײַגנ, ווי די האָלצ־באַאַרבעטנדיקע, שוועבעלעכ, פּאַפּיר, טעקסטיל אונ אַנדערע, האָט באַטראָפנ דורכשניטלעכ 11,5—12 שע. די אויסערגעווייגלעכ שווערע לאַנגע

פונעמ ארבעטער-קלאס פונ פאררעוואָליוציאָנערנ ווײַסרוסלאנד האָבנ ניט געקאָנט אויסבאהאלטנ אפילע די פאָרשטייער פונ דער בורזשואזיע. אזוי, האָט סמולאַ-שינסקי—דער דירעקטאָר פונ דער דאָברושער פאפיר-פאבריק פונעמ פירשט פאסקע-וויטש, כאראקטעריזירנדיק די שווערלעכע ארבעטס-באדינגונגענ, ציניש באהויפטעט, אז די ארבעטער „קאָנענ ניט זעלבסטפארשטענדלעכ אויסצייכענענ זיכ מיט א פעסטנ געבוי פונ קערפער, מיט פולבלוטיקײַט אונ פרעטענדירנ אפ לאנג לעבנ".

אינ רעזולטאט פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, פונ דער דײַטשישער אונ פוילישער אָקופאציע איז די אזוי אויכ נישטיקע אינדוסטריע פונ ווײַסרוסלאנד געווענ ענדגילטיק רויִנירט. צום 1920 יאָר—צום מאָמענט, ווענ ווײַסרוסלאנד האָט זיכ באפרײַט פונ דער ווײַספוילישער אָקופאציע, איז אינגאנצנ געווענ רויִנירט אונ פאר-ניכטעט 65 פראָצענט אונטערנעמונגענ. בלויז איינ פינפטל פונ די אונטערנעמונגענ האָט פארגעזעצט ארבעטנ מיט גרויסע איבעררײַסנ, אינ צוזאמענהאנג מיט דער אַל-געמיינער רויִנירונג, מיט דער צעוואַלגערונג פונ טראנספאָרט, מיט דער זייער גרוי-סער אָפּגעניצטקײַט פונ דער אויסשטאטונג, מיטנ מאנגל אינ רויוואַרג אונ הייצוואַרג. דער ארויסלאָז פונ פראָדוקציע האָט צום סאָפ פונ 1920 יאָר באטראָפנ ניט מער פונ 15—20 פראָצענט אינ פארגלײַכ מיטנ 1913 יאָר. נאָכנ צעגראָמירנ די אינטער-ווענטנ אונ פארענדיקנ דעמ בירגער-קריג זײַנענ די ארבעטנדיקע פונ ווססר בא דער ברידערלעכער הילפ פונעמ גרויסנ רוסישנ פאָלק אונ פונ אלע ברי-דערלעכע פעלקער פונ לאנד פונ סאָציאליזמ אונטער דער אָנפירונג פונ אלקפ(ב). בא דער פערזענלעכער אונ טאָגטעגלעכער הילפ פונעמ גרויסנ פירער פונ די פעלקער, דעמ בעסטנ פרײַנט פונעמ ווײַסרוסישנ פאָלק כאווער סטאלינ, צוגעטראָטנ צו בא-נײַענ די אינדוסטריע, צו שאפנ א נײַע סאָציאליסטישע אינדוסטריע.

באקומענדיק א סיסטעמאטישע הילפ פונ דער פארבאנדישער רעגירונג מיט מאטעריעלע רעסורסנ אונ קאדרעס, האָט ווססר אנטוויקלט איר אינדוסטריע מיט פיל שנעלערע טעמפּנ, ווי די אלטע אינדוסטריעלע ראיאָנענ פונ פססר. אויב פארנ ערשטנ פינפיאָר זײַנענ די גרונט-פאָנדנ פונ דער אינדוסטריע פונ פססר אינגאנצנ גענומענ אויסגעוואָקסנ אינ 2,2 מאָל, איז אינ ווססר אינ 3,9 מאָל.

אזוי ארומ, האָט דער צגוואקס פונ די גרונט-פאָנדנ איבער ווססר איבערגעשטיגנ קימאט אינ צוויי מאָל דעמ צוואוקס איבער פססר אינגאנצנ גענומענ. אינ רעזולטאט פונ דער קאָלאָסאלער אופמערקזאמקײַט, שטיצע אונ הילפ דעמ ווײַסרוסישנ פאָלק זײַנענ אנטשטאנענ הויכע טעמפּנ פונעמ וואוקס פונ דער אלגעמיינער פראָדוקציע אונ פונ דער צאָל ארבעטער פונ ווססר. אינ 1937 יאָר האָט די אַלגעמיינע פראָדוק-ציע פונ דער אינדוסטריע פונ ווססר אינעמ פרײַזנ-אויסדרוק דערגרייכט 2,1 מיליארד רובל, וואָס עס שטײַגט איבער דעמ פארמילכאָמעדיקנ ניווא אינ 21 מאָל, אונ די פראָדוקציע פונ דער אינדוסטריע אינ פססר אינגאנצנ גענומענ איז פארנ דאָזיקנ פעריאָד אויסגעוואָקסנ אינ 9,5 מאָל.

די אינדוסטריע פונ ווססר, וועלכע האָט ערעוו דעמ ערשטנ פינפיאָר געגעבנ אינ דרײַענ ווייניקער פראָדוקציע ווי די לאנדווירטשאפט, האָט שוינ אינ 1932 יאָר ארי-בערגעשטיגנ די אויסגעוואָקסענע פראָדוקציע פונ דער לאנדווירטשאפט. אינ 1937

יאָר האָט דאָס ספעציפישע געוויכט פונ דער אינדוסטריע אינ דער פראָדוקציע פונ דער פאָלקסווירטשאפט פונ דער רעפובליק דערגרייכט 72,7 פראָצענט.

פאר די יאָרנ פונ די צוויי סטאַלינישע פינפיאָרנ איז אינ דער גרויסער אינדוסטריע פונ ווססר ארײַנגעלייגט געוואָרנ באַ 860 מיליאָנ רובל. די גרונט⸗פאָנדנ פונ דער גרויסער אינדוסטריע האָבנ צומ 1937 יאָר דערגרייכט 638 מיליאָנ רובל, דאָס הייסט, אז זיי האָבנ זיכ פארגרעסערט אינ פארגלײַכ מיטנ 1928 יאָר אינ 7,7 מאָל אונ האָבנ איבערגעשטיגנ דעמ גרונט⸗קאפיטאל פונ דער אינדוסטריע פונ פארדערעוואָליוציאָנערנ ווײַסרוסלאנד אינ 11—12 מאָל. די שווערע אינדוסטריע האָט זיכ אנטוויקלט מיט נאָכ העכערע טעמפנ: אירע גרונט⸗פאָנדנ האָבנ זיכ צומ 1937 יאָר פארגרעסערט אינ פארגלײַכ מיטנ 1928 יאָר אינ 10,3 מאָל.

אינ ווססר איז פאר די יאָרנ פונ דער עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטנ⸗מאכט געשאפנ געוואָרנ א רײַ נײַע אינדוסטריע⸗צווײַגנ (מאשינ⸗בויונג, כימישע, צעמענט, פעטס⸗אינדוסטריע אונ אנדערע). צומ אָנהויב פונ 1936 יאָר האָבנ די גרונט⸗פאָנדנ פונ די נײַע אונ רעקאָנסטרויִרטע אונטערנעמונגענ פארנומענ אינ די גרונט⸗פאָנדנ פונ דער גאנצער צענזוס⸗אינדוסטריע פונ ווססר—83 פראָצענט, אונ אינ די פירנדיקע אינדוסטריע⸗צווײַגנ האָט זייער ספעציפישער געוויכט דערגרייכט: אינ די עלעקטראָ⸗סטאנציעס—93,8 פראָצענט, אינ דער טאָרפ⸗אינדוסטריע—94,6 פראָצענט, אינ דער כימישער—95,4 פראָצענט, אינ דער מאשינבויונג—96,8 פראָצענט, אינ דער לעדער⸗שוכווארג⸗אינדוסטריע—99,8 פראָצענט א. א. וו.

אזעלכע זאוואָדנ, ווי דער זאוואָד א. נ. קיראָוו, א. נ. וואָראָשילאָוו—אינ מינסק, דער זאוואָד א. נ. קיראָוו אינ וויטעבסק אונ דער זאוואָד „פראָלעטארי“ אינ האָמעל ארבעטנ אויס פארשיידענע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, רעזערוו⸗טיילנ צו טראַק⸗טאָרנ, פארשיידענע מאשינעס פאר דער וועג⸗בויונג, פאר דער טאָרפ⸗אינדוסטריע א. א. וו.

די פראָדוקציע, וואָס ווערט אויסגעארבעט דורכ אונדזער אינדוסטריע געפינט א ברייטנ אָפזאצ ניט בלויז אינ סאָוועטנפארבאנד, נאָר גייט אויכ אפ עקספאָרט. מעכאניקע ווערקשטעלנ, שטיינ⸗דריבלעכ, קאָנדיטערײַ⸗אויסארבעטונגענ אונ אנדערע סכוירעס, וואָס אונדזערע זאוואָדנ אונ פאבריקנ לאָזנ ארויס, קאָנ מענ געפינענ אינ יעטווידער ווינקעלע פונעמ סאָוועטנפארבאנד.

א ראדיקאלער קער איז אויכ פאָרגעקומענ אינ דער געאָגראפישער פארטיילונג פונ דער אינדוסטריע פונ ווססר, ניט געקוקט אפ אלע פרווונ פונ די טראָצקיסטיש⸗בוכארינישע אונ נאציאָנאל⸗פאשיסטישע דיווערסאנטנ צו פארפלאָנטערנ די פלאנירונג אונ אראָפרײַסנ די בויונג פונ דער אינדוסטריע אינ די ראיאָנענ. אזעלכע שטעט, ווי מינסק, האָמעל, מאָליעוו, וויטעבסק, מאָזיר, באָברויסק, אָרשע, פאָלאָצק אונ אנדערע, זײַנענ פארוואנדלט געוואָרנ אינ גרויסע ארבעטער⸗צענטערס. די אלגעמיינע פראָדוקציע פונ דער אינדוסטריע האָט שוינ אינ 1936 יאָר איבערגעשטיגנ די פראָדוקציע פונ 1913 יאָר אינ מינסק אינ 20 מאָל, אינ וויטעבסק—אינ 39,4 מאָל, אינ האָמעל—אינ 55,6 מאָל, אינ מאָליעוו—אינ 86,9 מאָל, אינ באָברויסק—אינ 26,6 מאָל. עס זײַנענ אנטשטאנענ נײַע אינדוסטריעלע צענטערס: קריטשעוו, ביכאָוו. פאר די יאָרנ פונ די סטאלינישע פינפיאָרנ זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ אנטשיידנדיקע

דערפאָלג אינ דער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע פונ ווייסרוסלאַנד. די ענערגיע-באַ-
וואָפנטקייט פונ די אונטערנעמונגענ איז אויסגעוואָקסנ אפ 40 פּראָצענט אינ פאַר-
גלייכ מיטנ 1928 יאָר. דאָס ספּעציפישע געוויכט פונ דער עלעקטראָ-ענערגיע, וואָס
ווערט געברויכט האָט זיכ אופגעהויבנ פונ 26,4 פּראָצענט אינ 1928 יאָר ביז 78,6
אינ 1937 יאָר. לויט באַזונדערע צווייגנ איז דער דאָזיקער וווּקס א נאָכ מער באַ-
דייטנדיקער: אינ דער כימישער פונ 0,18 פּראָצענט ביז 98,4, אינ דער מעטאַל-
באַארבעטנדיקער—פונ 58,6 פּראָצענט ביז 99,5 פּראָצענט א. א. וו.

צוגלייכ מיט די שנעלע טעמפּנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער מעלוכישער אינ-
דוסטריע איז געוואָקסנ אונ פאַרפעסטיקט זיכ די געווערב-קאָאָפּעראַטיווע אינ-
דוסטריע.

די צאָל איינלאַגנ אינ די קאָאָפּעראַטיווע אונ געווערב-ארטעלנ לויט דער סיסטעם
פונ בעלקאָאָפּראָמסאָוועט אונ בעלקאָלעספּראָמסאָיוז איז פאַר די צוויי פינפיאָרנ
אויסגעוואָקסנ פונ 10 מיליאָנ אינ 1928 יאָר ביז 56,4 מיליאָנ רובל אפנ ערשטנ
יאַנוואַר 1938 יאָר, מער ווי אינ פינפ מאָל.

אינ רעזולטאַט פונ דער דורכגעפירטער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע אונ דערפאָלגנ
פונ דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פונ דער ארבעט האָט זיכ אומגעהויער אופ-
געהויבנ די פּראָדוקטיווקייט פונ די ארבעטער. אינ 1937 יאָר פלעגט דער סאָוועטי-
שער ארבעטער פאַר 7 שאָ געבנ צוויי מאָל אזויפיל מער פּראָדוקציע, ווי דער ארבע-
טער פונ דער פאַררעוואָליוציאָנערער אינדוסטריע פונ ווייסרוסלאַנד פאַר 11—12 שאָ
ארבעט. אינ 1937 יאָר שטייט איבער דער ניוואָ פונ אויסארבעטנ די אויסארבע-
טונג פונ אנ ארבעטער פאַר דער רעוואָליוציע: לויט דער מעטאַל-באַארבעטנדיקער
אינדוסטריע—אינ 4,2 מאָל, לויט דער פּאָליגראַפישער—אינ 3,6 מאָל א. א. וו.

די בעסטע מענטשנ פונ אונדזער רעפּובליק האָבנ אריבערגעשטיגנ וועלט-
רעקאָרדנ. דער סטאַכאַנאָוועצ דרושקאָ, ראַמשטשיק פונ באָברויסקער האָלצ-באַאַר-
בעטנדיקנ קאָמבינאַט, האָט געגעבנ פאַר א סמענע 560 קובישע מעטער געהילצ-
מאַטעריאַלנ, אריבערשטייגנדיק מיט דעם גופע קיטאַט אינ 4 מאָל די אויסארבעטונג
פונ אנ ארבעטער פונ די פאָרגעשריטענע אונטערנעמונגענ פונ שוועדנ אפ א מאַשינ
פונ דער זעלבער סיסטעם. דער סטאַכאַנאָוועצ סקאָבלאָ האָט אויסגעארבעט פאַר א
סמענע 2100 פּאָר שיכ, אריבערשטייגנדיק די סאַמע גרעסטע אויסארבעטונג-נאָרמעס
פונ די שוכ-אונטערנעמונגענ פונ באַטיא (טשעכאָ-סלאָוואַקיע).

עס האָט זיכ גרינטלעכ געענדערט אויכ די לאַגע פונעם ארבעטער-קלאַס. אפנ
גרונט פונ די נייע פּראָדוציר-באַציונגענ זיינענ אויסגעוואָקסנ מערקווירדיקע מענטשנ,
שלאָגלער, סטאַכאַנאָווצעס. ס'איז געשאַפנ געוואָרנ אנ אייגענע סאָוועטישע אינטע-
ליגענצ. פונ די ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס זיינענ אויסגעוואָקסנ געוואָרנ אינ-
זשענערנ, מייסטערס פונ דער סאָציאַליסטישער ארבעט, וועלכע האָבנ באַהערשט אונ
באַוועגנ פאָרויס די נייסטע טעכניק.

פונ יאָר צו יאָר קומט פאָר אנ אומאָפּנויגלעכע פאַרגעזונטערונג אונ פאַרבע-
סערונג פונ די ארבעטס-באַדינגונגענ אפ די אונטערנעמונגענ פונ וסס"ר. באַם בויענ
נייע אונ רעקאָנסטרוירנ די אלטע פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ ווערנ אריינגעלייגט גרויסע
מיטלענ אפ ארבעטס-שוצ אונ אפ דער טעכניק פונ געפאַרלאָזיקייט. אזוי, צום ביי-

שפּיל, אנשטאט דרײַ ניט גרויסע ווענטיליאציע-אײַנשטעלונגענ ביז דער רעוואָליוציע, ווערט איצט אפ אונדזערע אונטערנעמונגענ געצײלט איבער 900 אײַנשטעלונגענ.

די קאָלאָסאַלע אנטוויקלונג פונ די פּראָדוקטיווע קרעפטנ האָט געזיכערט אנ אומאָפּנױגלעכנ וווּקס פונ מאטעריעלנ ניוואָ פונ די אַרבעטער. ס'איז אפ שטענדיק פאַרניכטעט געוואָרנ די אַרבעטסלאָזיקײַט. דער יאָריקער פאָנד פונ אַרבעטס-לױנ פונ די אַרבעטער אונ אָנגעשטעלטע פונ דער גרויסער אינדוסטריע פונ ווססר איז אויסגעוואָקסנ פונ 41,5 מיליאָנ רובל אינ 1928 יאָר ביז 353,5 מיליאָנ רובל אינ 1937 יאָר, אָדער אינ 8,5 מאָל. אונ דער דורכשניטלעכער אַרבעטס-לױנ איז פאַר דער דאָזיקער צײַט אויסגעוואָקסנ אינ 2,7 מאָל.

די אַלגעמײנע האַכנאָסע פונ אנ אַרבעטער-פאַמיליע האָט זיכ פאַרגרעסערט אפ 53,9 פּראָצענט. די אַרבעטער-פאַמיליע געברויכט מער הויכקוואַליטאַטיווע שפּײַז-פּראָדוקטנ. דער געברויכ פונ ווײַסנ ברויט איז אויסגעוואָקסנ אינ 3 מאָל אונ פונ ווייצענע מעל אינ 8 מאָל, בײַ א ניט באַדײַטנדיקער פאַרגרעסערונג (אפ 13,2 פּראָצענט) פונעמ געברויכ פונ קאָרנעמ אונ געבײַטלטנ ברויט, מיט א שאַרפער פאַרקירצונג פונעמ געברויכ פונ קאָרנענע מעל (אפ 43,7 פּראָצענט). דער געברויכ פונ פלייש האָט זיכ פאַרגרעסערט אפ 159 פּראָצענט, פונ כאַזער-פעטס—אפ 157,7 פּראָצענט, פונ פּוטער אפ 116,8 פּראָצענט, פונ אייער אינ דרײַ מאָל, פונ צוקער אפ 139,8 פּראָצענט, פונ פרוכטנ אונ יאַגעדעס אפ 63 פּראָצענט א. א. וו.

די אײַנקויפונג פונ קליידער אונ שטאָפנ האָט זיכ פאַרנ דאָזיקנ פּעריאָד פאַרגרעסערט אפ 24,25 פּראָצענט, פונ שוכוואַרג אפ 47,7 פּראָצענט, פונ טריקאָטאַזש—אפ 122,3, פונ מעבל אונ ווירטשאַפטלעכער אויסשטאַטונג אפ 148,9 פּראָצענט, פונ פּאַרפיומעריע אונ קאָסמעטיק אפ 152,9 פּראָצענט.

דער דאַלעס אונ הונגער פלעגנ טרײַבנ דעמ ווײַסרוסישנ פּויער קײנ סיביר אונ אַמעריקע. פאַר 12 יאָר פאַר דער רעוואָליוציע האָבנ איבערגעוואַנדערט קײנ סיביר איבער 642 טויזנט מאַנ אונ קײנ אַמעריקע 80 טויזנט. די געוועזענע מינסקער, מאָליעווער אונ וויטעבסקער גובערניעס פלעגנ געבנ א זיבעטכײלעק פונ די איבער-וואַנדערער. די אויסערגעוויינלעכע אָפּגעשטאַנענקײַט פונ דער לאַנדווירטשאַפט פונ פאַררעוואָליוציאָנערנ ווײַסרוסלאַנד ווערט בוילעט כאַראַקטעריזירט מיט די צופּאַסונגענ, וועלכע האָבנ געדינט אפ צו באַאַרבעטנ די ערד: סאָכעס איז געווענ 214.500, קאָסוליעס—6300 אונ הילצערנע בראָנעס 420.000.

אינ רעזולטאַט פונעמ זיג פונ דער קאָלווירטישער אָרדענונג האָט זיכ ווססר פאַרוואַנדלט אינ א בליִענדיקער אינדוסטריעל-קאָלווירטישער רעפּובליק. צומ סאָפ 1938 יאָר איז אינ ווססר געווענ איבער 10 טויזנט קאָלווירטנ, אינ וועלכע עס האָבנ זיכ פאַרייניקט 90 פּראָצענט פונ אַלע פּויערישע הויפנ, מיט 97—98 פּראָצענט פונעמ פאַרזיי-שעטעכ.

אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּאַרטיי פונ לענינ-סטאַלינ האָט זיכ דאָס ווײַסרוסישע פאָלק דערשלאָגנ גראַנדיעזע זיגנ. די דאָזיקע זיגנ וואָלטנ געווענ נאָכמער גראַנדיעזע ווענ ניט די נידערטרעכטיקע פאַרעטער, וועלכע האָבנ געוואָלט אָפּגעבנ אונדזער היימלאַנד די פאַשיסטישע רויבער אפ צעגראָמירנ אונ פאַרצופּנ. די נידערטרעכטיקע דרײַמאָל פאַרשאָלטענע טראָצקיסטיש-בוכאַרינישע באַנדע האָט לויט די

דירעקטיוונ פונ די פאַשיסטישע אויסשפּירונגענ אָרגאַניזירט א נעצ פונ דיווערסיאָנעלע אונ שעדיקערישע גרופּנ, גרייטנדיק זיכ אַרונטערצורייסנ די שוצ-מעכטיקײט פונ אונדזער לאַנד.

די רעכט-טראָצקיסטישע פאַרעטער, וואָס זײַנענ דעמאַסקירט געוואָרנ דורכ דער סאָוועטישער אויסשפּירונג אונ פאַרניכטעט געוואָרנ דורכנ סאָוועטישנ געריכט, זײַנענ שטענדיק געווענ סאָנימ פונעמ אַרבעטער-קלאַס, סאָנימ פונ דער פּאַרטיי אונ פונעמ סאָוועטישנ פאָלק. קײנ אײנ אָרגאַניזאַטאָר, קײנ אײנ אָנטײלנעמער פונ „רעכט-טראָצקיסטישנ בלאָק" איז קײנמאָל ניט געווענ קײנ באָלשעוויק.

אַפילע דאַנ, ווענ זיי פלעגנ צוויישפּענעמדיק כאַראַקטע האָבנ, פלעגנ זיי באַהאַלטנ אינ זיכ א ווילדע סינע צו דער סאָוועטנמאַכט, צו דער דיקטאַטור פונעמ אַרבעטער-קלאַס, קעדיי, אויסקלײַבנדיק א באַקוועמע מאָמענט, דערלאַנגענ א פאַרעטערישנ קלאַפּ אינ רוקנ פונ דער רעוואָליוציע. פאַרברעכנס, אײנער נידערטרעכטיקער פונעמ צווייטנ, זײַנענ געגרייט געוואָרנ דורכ די דאָזיקע באַנדיטנ אינ משך פונ צענדליקער יאָרנ. דער קאָלאָסאַלער פּאָליטישער אונ פּראָדוקציִרישער אויפשטײַג פונעמ גאַנצנ סאָוועטישנ פאָלק איז א בוילעטער באַווײַז פונ דעמ, אַז וויפל ס'איז פעסט אונ זיכער אינ איר מעכטיקײט אונדזער סאָציאַליסטישע מלוכע, אַז וויפל עס וואַקסט אונ פעסטיקט זיכ די סטאַלינישע פרײַנטשאַפט פונ די פעלקער פונ ססר, אונ ווי אײנמוטיק ס'איז גרייט אונדזער פאָלק צו אָפּהיטנ זײַנע דערגרייכונגענ קעגנ די שמוציקע, פאַרבלוטיקטע לאַפּעס פונ די טראָצקיסטיש-בוכאַרינישע אונ בורזשואַז-נאַציאָנאַליסטישע אַגענטנ פונעמ פאַשיזמ.

די אַרבעטנדיקע פונ די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטנ פונ סאָוועטנפאַרבאַנד בילדנ אויס אַנ אײנהייטלעכע סאָציאַליסטישע משפּחה פעלקער, וועלכע גייענ מיטנ גלײַכנ וועג צומ אויפשטײַג פונ דער ווירטשאַפט אונ קולטור, צו א פאַרמעגלעכנ, גליקלעכנ לעבנ.

אָט פאַרוואָס ס'האָט זיכ אַזוי פאַנאַנדערגעבליט אינ די פאָלקסמאַסנ די ליבשאַפט אונ איבערגעגעבנקײט צומ סאָציאַליסטישנ היימלאַנד, באַקומענדיק א טיפקײט אונ א קראַפט, וואָס קאָנ אינגאַנצנ ניט פאַרגליכנ ווערנ מיטנ „פּאַטריאָטיזמ" אינ די בורזשואַזע קלאַסנ-מלוכעס. קײנמאָל האָט קײנ אײנ פאָלק ניט ליב געהאַט זײַנ היימלאַנד, אַזוי ווי עס ליבנ עס די סאָוועטישע מענטשנ, די סאָוועטישע יוגנט, פאַר וועלכע עס זײַנענ אָפּנ די וועגנ צו א גליקלעכנ לעבנ.

ססר האָט אינ דער פרײַנטלעכער משפּחה פעלקער פונעמ פילמיליאָניקנ גרויסנ סאָוועטנפאַרבאַנד זיכ פאַרוואַנדלט אינ א בליִענדיקער אינדוסטריעל-קאָלווירטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק אויפנ מײַרעוודיקנ גרענעצ מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. אינ דריטנ פינפיאָר ווערנ געעפנט די רײַכסטע מעגלעכקײטנ פאַר דער מעכטיקער אַנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע פונ ווססר. דאָס ליקווידירנ די פאָלגנ פונ דער שעדיקערײַ, דאָס באַהערשנ די טעכניק, דאָס אויסנוצנ די פּראָדוציר-מעגלעכקײטנ, צוגלײַכ מיטנ ווײַטערדיקנ פאַנאַנדערוויקלענ די בויונג אונ רעקאָנסטרוקציע פונ דער אינדוסטריע וועט זיכ נאָכ הייסער צעברויזנ דאָס לעבנ אינ סאָציאַליסטישנ לאַנד אונ די פעלקער פונ אונדזער היימלאַנד וועלנ אונטער דער פירערשאַפט פונעמ גרויסנ סטאַלינ נאָכ שנעלער גייג צו די שײַנענדיקע הייכנ פונ קאָמוניזמ.

מ. בײלענקי

# שפינאָזעס ביבל־קריטיק

שפינאָזע איז דער פאָטער פונ דער הײנטצײטיקער ביבל־קריטיק. פײערבאכ, װעלכער האָט זײער הויכ געשעצט שפינאָזעס פילאָסאָפיע, האָט אָנגערופנ שפינאָזענ—דער מוישע פונ די פרײדענקער. שפינאָזע האָט איבערהויפט פארדינט דעמ דאָזיקנ נאָמענ, װײל ער איז געװענ דער ערשטער, װאָס האָט אראָפגעריסנ די הײליקע דראפירונג פונ דער רעליגיעזער פעסטונג—פונ דער ביבל. דער קריטיק פונ דער ביבל האָט שפינאָזע געװידמעט א ספעציעלע ארבעט—„דער טעאָלאָגיש־פאָליטישער טראקטאט".

שפינאָזע איז צוגעטראָטנ צו דער ארבעט איבער זײנ טראקטאט, זײענדיק שוינ א רײפער פילאָסאָפ, האָבנדיק שוינ גענוי באטראכט זײנ פילאָסאָפישע סיסטעמ. אונ אינעמ טראקטאט האָבנ מיר ניט בלויז ביבל־קריטיק, נאָר גלײכצײטיק דעמ אויסלײג פונ די גרונט־פרינציפנ פונ זײנ פילאָסאָפיע, װעלכע העלפנ אימ דערקלערנ אונ אויפאסנ די ביבל־מאטעריאלנ אפ זײנ שפינאָזישנ אויפנ.

שפינאָזעס עפּאָכע כאראקטעריזירט זיכ מיט דער אויפלעבונג פונעמ מאטעריאליזמ אונ פאָזיטיװע װיסנשאפטנ, מיט קאָמפליצירטע קלאסנ־שלאכטנ צװישנ דעמ אָפשטארבנדיקנ פעאָדאליזמ אונ אויפקומענדיקנ קאפיטאליזמ. די בורזשואזיע, װעלכע האָט זיכ גענויטיקט אינ דער אנטװיקלונג פונ די פראָדוקטיװע קרעפטנ, װאָס אָנ אנ אויפבלי פונ װיסנשאפטנ איז זי אומעגלעכ, האָט זיכ געשטעלט אונטער דער פאָנ פונ מאטעריאליזמ, קעגנ דער אָפיציעלער אידעאָלאָגיע פונעמ פעאָדאליזמ,—קעגנ רעליגיע, ד.ה., קעגנ דעמ, װאָס האָט געשטערט דער אנטװיקלונג פונ די װיסנשאפטנ. שפינאָזע איז פונ די, װאָס האָבנ דעמ מאטעריאליזמ אלס פילאָסאָפישע סיסטעמ באגרינדעט אונ, אזוי־ארומ, זיכ אײנגעשלאָסנ אינעמ פאָליטישנ קאמפ, װאָס די בורזשואזיע האָט געפירט אינ דער צײט, װענ זי האָט זיכ געריסנ צו דער מאכט, צו דער מעלוכישער דעקרעטירונג פונ איר עקאָנאָמישער פולבלוטיקער קראפט אונ עקזיסטענצ.

דער טאָכ פונ שפינאָזעס מאטעריאליזמ באשטײט אינ דעמ, װאָס שפינאָזע דערקלערט, אז די װעלט איז Causa sui, די אורזאכ פונ זיכ זעלבסט. „אלס קאָלאָסאלע ערע אונ דערגרײכונג פונ דער פילאָסאָפיע דארפ מענ האלטנ דאָס,—האָט, אינ צוזאמענהאנג מיט דער שפינאָזישער אידײע Causa sui געשריבנ ענגעלס,— װאָס אָנגעהויבנ פונ שפינאָזענ אונ געענדיקט מיט די גרויסע פראנצויזישע מאטעריאליסטנ האָט זי אקשאָנעבדיק געפרוװט צו דערקלערנ די װעלט פונ איר זעלבסט, איבערלאָזנדיק די נענויע בארעכטיקונג פונ דעמ פאר דער נאטורװיסנשאפט פונ דער צוקונפט"

(מארקס און ענגעלס, ב. 14, ז. 479—480). אויב די וועלט, די נאַטור איז די סיבע פון זיך זעלבסט, הייסט עס, לויט שפינאָזען, אז גאָט, ווי א באַשעפער פון דער נאַטור, איז ניט מער, ווי א רעליגיעזע אויסטראַכטעניש און א פאַרקריפּלונג פונעם פאַרנונפט. די נאַטור איז גאָט. די נאַטור, וועלכע איז די סיבע פון זיך זעלבסט, די נאַטור, וועלכע איז גערעצמעסיק און די דערשיינונגען אירע זיינען אורזאַכלעך באַדינגט, דערלאָזט ניט איבער זיך קיין שום איבערנאַטירלעכע קראַפט, זי אליין איז גאָט. נאַטור-גאָט איז די סובסטאַנץ, איז דער מעהוס פון דער אָביעקטיווער רעאַלער ווירקלעכקייט. כאָטש שפינאָזעס באַגריף „גאָט" טראָגט מיט זיך א מאַטעריאַליסטישן און אַטעיסטישן אינהאַלט, דאָך איז עס אָט יענער „טעאָלאָגישער צונאָב", וועלכער איז אַן אָנשוילעכער באַווייז, אז יעדער פילאָסאָפיע איז א מאָכטער פון איר עפּאָכע. כאַראַקטעריסטיש איז, אז שפינאָזע האָט עטלעכע מאָל עפנטלעך דערקלערט, אז ער איז ניט קיין אַטעיסט, פאַרקערט, ער האָט אין אַטעיזם באַשולדיקט די, וועלכע דערלאָזן דעם געדאַנק, אז די נאַטור און גאָט איז ניט איינס און דאָס זעלביקע, אז די געזעצן פון דער נאַטור איז ניט איינס און דאָס זעלבע, וואָס די געזעצן פון גאָט.

אזוי שרייבט ער: „אויב עס וואָלט אין דער נאַטור פאָרגעקומען עפּעס אזוינס, וואָס דרינגט ניט ארויס פון אירע געזעצן, וואָלט דאָס אומבאַדינגט ווידערשפּראָכן דעם סיידער, וועלכן גאָט האָט אף אייביק איינגעשטעלט אין דער נאַטור מיט דער הילף פון די אַלגעמיינע געזעצן פון דער נאַטור, און, אזוי ארום, וואָלט דאָס געווען קעגן דער נאַטור און קעגן אירע געזעצן; פון דעם איז געדרונגען, אז דאָס גלויבן אין דעם וואָלט אונדז געצוווּנגען צווייפלען אין אַלץ און וואָלט אונדז דערפירט צום אַטעיזם". (טעאָל.—פּאָליט. טראַקטאַט, ז. 101). א מערקווירדיקע דערקלערונג פון דעם, וואָס איז אזוינס אַטעיזם! דאָס איז, ווי צו זאָגן, בלויז א מיטל אויסצובאַהאַלטן זיך ווי אַן עכטער אַטעיסט פון די ווילדע און צעיושעטע אָבסקוראַנטן. דער יאָדער פון דעם איז, אָבער, דער רעליגיעזער גאָט, ווי אויך רעליגיע אינגאַנצן גענומען איז א פאַרקריפּלונג פונעם פאַרנונפט, ריכטיקער, א רעזולטאַט פון שרעק, וועלכע דערפירט דעם מענטשן צו אָנמאַכט, און אין דעם דאָזיקן צושטאַנד פאַרווּרטיילט דער מענטש סייכל און פאַרנונפט און קומט אָן צו דער הילף פון אַבערגלויבענישן. „שרעק איז די סיבע, אדאַנק וועלכער אַבערגלויבעניש קומט אויף, ווערט איינגעהיט און אויפגעהאַלטן" (דאָרט, ז. 4). דעריבער האָט דער קאַמף קעגן רעליגיע אין סאַכאַקל דעם ציל צו באַפרייען דעם פאַרנונפט.

בעקאָן [1]) האָט נאָך באַהויפּטעט, אז עס עקזיסטירט א צווייענדיקער עמעס, אז עס זיינען פאַראַן צוויי דערקענונגס-סיסטעמען—פילאָסאָפיע און רעליגיע. שפינאָזע דערלאָזט נאָר איין עמעס, קעמפט פאַר דער באַהויפּטונג, אז עס איז פאַראַן בלויז איין דערקענונגס-סיסטעם—די פילאָסאָפיע. די פילאָסאָפיע, און נאָר די פילאָסאָפיע דערקענט ריכטיק דעם גאַנצן ארום, אלע פיזישע און גייסטיקע דערשיינונגען און דעריבער איז זי די איינציק-ריכטיקע מאָס פון זאַכן. אָט פאַרוואָס די ערשטע אויפגאַבע, וואָס שפינאָזע שטעלט פאַר זיך אינעם טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט, איז—ארויסרייסן דעם פאַרנונפט פון די רעליגיעזע בענטעס, געבן אים די גע-

---

1) אַן ענגלישער פילאָסאָף א מאַטעריאַליסט פון XVII י. ה.

העריקע פילאָסאָפישע שפײַז, פאַרוואַנדלענ אימ אינ דעמ איינציקנ אורטיילער פונ דער אָביעקטיווער רעאַליטעט אונ אינ דעמ העכסטנ אווטאָריטעט פונ דערקענונג. „צווישנ דעמ גלויבנ אָדער טעאָלאָגיע אונ דער פילאָסאָפיע איז קיינ שומ פאַרבינדונג ניט פאַראַנ, אָדער קיינ שומ קרוויועשאַפט ניט פאַראַנ... דער ציל פונ דער פילאָסאָפיע איז דאָך נאָר דער עמעס, פונ דער גלויבונג ווידער—נאָר געהאָרכזאַמקײַט אונ רעכטפאָרטיקײַט“ (דאָרט, ז. 214).

די פילאָסאָפיע אונ די רעליגיע זײַנענ צוויי אַנטיפּאָדנ: די פילאָסאָפיע שטרעבט צו דערגרייכנ דעמ עמעס, באַפרײַט דעמ פאַרנונפט, ווײַל נאָר דער פרײַער פאַרנונפט איז אימשטאַנד צו באַנעמענ, באַזיניקנ דעמ עמעס, אונ די רעליגיע, פאַרקערט, האָט פאַרגוואַלדיקט אונ פאַרקלאַמערט דעמ פאַרנונפט, הייסט אימ זײַנ אונטערטעניק, אונ דאָס פירט קיינמאָל ניט צומ עמעס. די רעליגיע אונ אירע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבנ אָפּ זיכ גענומענ די ראָל פונ אַפּיטראָפּסימ איבערנ פאַרנונפט, האָבנ פאַקטיש געשאַפנ די באַדינגונגענ, בא וועלכע פערזענלעכע איבערצײַגונגענ זײַנענ דערשטיקט אונ די מענטשלעכע פרײַנלעכקײַט באַגרענעצט. אויב עס איז מעגלעכ אַזאַ לאַגע אינ מאָנאַרכיסטישע מעלוכעס, ווו מיט דער הילפ פונ דער רעליגיע האָט מענ דעמ האַמוינ גרינג אײַנגערעדט ערנ זײַנע קייסאָרימ, ווי געטער, איז „אָבער אינ א פרײַער רעפּובליק עפּעס ענלעכס נימ־רעכנבאַר... ווײַל מיט דער הילפ פונ אַבערגלויבעניש אָדער אָפּ אַנ אַנדער אויפנ שטיקנ די פרײַהײַט פונ רענקענ פונ יעדער מענטשנ ווידערשפּרעכט אַבסאָליוט דער אַלגעמיינער פרײַהײַט“ (דאָרט, ז. 6).

אָט פאַרוואָס די צווייטע אויפגאַבע, וואָס שפינאָזע שטעלט פאַר זיכ אינעמ טעאָלאָגיש־פּאָליטישנ טראַקטאַט, איז—אָפּנעמענ באַמ קלויסטער די מאַכט זײַנע, דערלאָזנדיק א פרײַענ קאַמפ צווישנ פאַרשיידענע מיינונגענ, אָפּטיילנ די מעלוכע פונ דער רעליגיע. די דאָזיקע צוויי דערמאָנטע אויפגאַבנ זײַנענ צווישנ זיכ ענג פאַרבונדנ. די ענדגילטיקע דערלייזונג זייערע קאָנ פאָרקומענ, מיינט שפינאָזע, ווענ פונ דעמ גרונטיקנ ווערק, פונ דער ביבל, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ א „געטלעכנ סייפער“, וועט אראָפּגעריסנ ווערנ דער הייליקער מאַנטל. דאַנ וועט די רעליגיע ניט האָבנ קיינ הייליק־אומבאַרירלעכנ אווטאָריטעט אונ זי וועט, אַזוי־אַרומ, אָנווערנ די מאַכט איבערנ פאַרנונפט אונ אויכ איר נעזעלשאַפטלעכ־פּאָליטישע מאַכט. דעריבער פאַרנעמט די קריטיק פונ דער ביבל דאָס צענטראַלע אָרט אינעמ טעאָלאָגיש־פּאָליטישנ טראַקטאַט.

פונ וואָס הויבט אָנ שפינאָזע, וויאַזוי גייט ער צו צו דער קריטיק פונ דער ביבל אונ אינ וואָס באַשטייט די דאָזיקע קריטיק—איז דער ציל פונ אונדזער אַרבעט.

אינ קאַמפ פאַר א מאַטעריאַליסטישער וועלט־אָנשויונג האָט זיכ שפינאָזע געשטיצט אָפּ די פאָרגעשריטענע פילאָסאָפישע סיסטעמענ פונ זײַנ צײַט: בעקאָנ, האָבס, דעקאַרט—קענענ פאַרעכנט ווערנ אַלס פאָרגייער פונעמ שפינאָזיזמ. וואָס איז אָבער שײַעך דער ביבל, האָבנ די דאָזיקע פילאָסאָפנ, ניט געקוקט דערופ, וואָס זיי האָט גאַנצ שאַרפ אונ אָפּט אַרויסגעטראָטנ קעגנ דער רעליגיע, גאָרניט געזאָגט: עמעס, בא גאָבסנ נאָר געפינענ מיר אינ „לעוויאָסנ“ די אַרויסזאָגונג, אַז דער כומעש, וועלכער הייסט „מוישעס פינפבוכ“, טראָגט מוישעס נאָמענ, נאָר דערפאַר, ווײַל דאָרט ווערט

דערציילט וועגנ דעמ לעבנ אונ די טאטנ פונ א העלד מיט דעמ נאָמענ מוישע, אינדערעמענ אָבער, איז דער כומעש אָנגעשריבנ אינ אטאכ א שפּעטערדיקער עפּאָכע נאָכ מוישענ. אויב ניט רעכענענ די דאָזיקע וויכטיקע קריטישע באמערקונג גאָבס, דארפ מענ זאָגנ, אז שפּינאָזעס מאטעריאליסטישע פאָרגייער האָבנ זיכ ניט פארנומענ מיט דער קריטיש⸗וויסנשאפטלעכער דערקלערונג פונ יענעמ ווערק, וועלכער איז דורכ די טעאָלאָגנ פארוואנדלט געוואָרנ אינ א הייליקנ⸗סייפער אונ אינ דער גרונטלעכער געטלעכער אנטפּלעקונג פאר אלע רעליגיעס, ניט נאָר פאר דער ייִדישער.

מיט דער אויסטײַטשונג אונ דער דערקלערונג פונ דער ביבל האָבנ זיכ ביז שפּינאָזענ פארנומענ די טעאָלאָגנ, אינ דער ערשטער ריי, די ייִדישע טעאָלאָגנ. אונ טאקע זיי, די ייִדישע טעאָלאָגנ, זײַנענ געווענ די, בא וועלכע שפּינאָזע האָט זיכ פונ קינדווײַז אָנ געלערנט כאָכמע, בא וועלכע ער האָט שפּעטער געפונענ שטאָפּ פאר זײַנ זעלבסטשטענדיקער ביבל⸗קריטיק אונ קעגנ וועלכע שפּינאָזע האָט אויכ געפירט אנ אנטשיידענעמ קאמפּ. צוויי ייִדישע טעאָלאָגנ האָבנ באזונדערס באווירקט שפּינאָזענ: איינער, וועמענס מעטאָד עס איז אימ אויסגעקומענ באקעמפנ אונ אָפּוואַרפנ, דער צווייטער, וועמענס ארויסזאָגונגענ עס האָבנ גערינט שפּינאָזענ פאר אנ אויסגאנגס⸗פּונקט צו זײַנ אייגענער קריטיק פונ דער ביבל. מיר האָבנ אינ זינענ דעמ ראמבאמ (דאָס אייגענע מײַמאָניד) אונ איבנ⸗עזרע.

דער ראמבאמ (1135—1204) איז געווענ איינער פונ די אָנגעזעענסטע מיטלאלטערלעכע פילאָסאָפנ אונ טעאָלאָגנ. דער ראמבאמ האָט זיכ געשטעלט א ציל צו פאראייניקנ די טעאָלאָגיע מיט דעמ אריסטאָטעליזמ. דער אריסטאָטעליזמ איז אינ מיטלאלטער געווענ די פילאָסאָפישע טאָרע. דער ראמבאמ האָט געפרווט דערווײַזנ, אז ראציאָנאליזמ אונ געטלעכע נעווּע שטימענ צווישנ זיכ, נאָכ מער: אז דער אריסטאָטעליזמ איז איינער פונ די וויכטיקסטע מיטלענ פאר דער באזיניקונג אונ אויסטײַטשונג פונ די הייליקע שריפטנ. מע מוז באמערקנ, אז דער ראמבאמ האָט, פּונקט אזוי, ווי אלע סכאָלאסטנ פונעמ מיטלאלטער, אריסטאָטעלס פילאָסאָפיע געפעלשט, ארויסוואַרפנדיק פונ איר די פרישע, לעבעדיקע שפּראָצונגענ פונ דער דיאלעקטיק, די וואקלונגענ צווישנ דעמ מאטעריאליזמ אונ דעמ אידעאליזמ, די ווידערשפּרוכנ צווישנ דער אָביעקטיווער אונ סוביעקטיווער לאָגיק, דעמ נאַיווּנ גלויבנ אינ דער קראפט פונעמ פארנונפט.

„די סכאָלאסטיק אונ די פּאָפּאָווּשטשינע האָט גענומענ דאָס טויטע בא אריסטאָטעלנ אונ ניט דאָס לעבעדיקע..

...פונ אריסטאָטעלס לאָגיק (וואָס אומעטומ, אפ יעדנ שריט שטעלט זי די פראגע איבערהויפּט וועגנ דיאלעקטיק), האָט מענ געמאכט[1] א טויטע סכאָלאסטיק, ארויסוואַרפנדיק אלע זוכענישנ, וואקלונגענ, מיטלענ פונ שטעלנ פראגנ" (לענינ, פילאָסאָפישע העפטנ, ז. 332).

דער פראגע וועגנ דער אידענטישקײַט צווישנ נעווּע אונ פילאָסאָפיע (געמיינט אריסטאָטעלס פילאָסאָפיע), צווישנ ראציאָ אונ געטלעכער אנטפּלעקונג ווידמעט דער ראמבאמ דאָס גרונט⸗ווערק פונ זײַנ ליטעראַרישער שאַפונג—דעמ „מורה נבוכים"—

---

[1] לענינ מיינט דאָ אינ דער ערשטער ריי די פילאָסאָפנ פונעמ מיטלאלטער.

„דער לערער פונ די פארבלאָנדזעטע“. די אויפגאבע פונעמ „מורה נבוכים“ באשטייט לויט דעמ אויטאָר „אינ אונטערהאלטנ דעמ באנעמ פונ דעמ עמעסנ גײַסט פונ דער טוירע אונ אינ דער אָנפירונג מיט די גלויביקע, וואָס זײַענדיק געטרײַ דער טוירע, האָבנ זיי גלײַכצײַטיק מיט איר דערלערנט די פילאָסאָפיע אונ זײַנענ געטראָפנ פונ די ווידערשפרוכנ צווישנ די עמעסנ פונ דער פילאָסאָפיע אונ דעמ בוכשטעבלעכנ זינ פונ דער טוירע“. דער ראמבאמ שטעלט זיכ א ציל צו פארוואנדלענ די פילאָסאָפיע אינ א דינסט פונ דער רעליגיע, ווײַל לויט אימ נאָכ זײַנענ די קלוימערשטדיקע ווידערשפרוכנ צווישנ דער ביבל אונ דער פילאָסאָפיע א רעזולטאט פונ דעמ, וואָס מע טײַטשט שלעכט אויס די טוירע. דעריבער פארנעמט זיכ דער ערשטער טייל פונעמ „מורה נבוכים“ מיט דער אויסטײַטשונג פונ די ביבלישע אנטראָפּאָמאָרפיזמענ די גרונט=אידיי פונ דער דאָזיקער אויסטײַטשונג באשטייט אינ דעמ, וואָס דער ראמבאמ מאכט דעמ אונטערשייד צווישנ דעמ אזויגערופענעמ עסאָטערישנ אונ עקסאָטערישנ זינ פונ די ביבל־ווערטער. די שפראכ פונ דער טוירע איז לויטנ ראמבאמ שטענדיק דאָס מיטל אָדער עפּעס=וואָס אויסצובאהאלטנ אָדער עפּעס=וואָס צו אנטפּלעקנ. די אויסטײַטשונג דארפ באשטיינ, לויט זײַנ מיינונג, אינ אנטפּלעקנ די פארבאָרגנקײַט, וואָס עס אנטהאלטנ אינ זיכ די ביבל=טעקסטנ. די פארבאָרגנקײַט האָט גאָרניט צו טאָנ מיט מיסטיק, זי דארפ ווערנ דערקלערט ראציאָנאליסטיש. די געהיימניסנ פונ דער ביבל זײַנענ אנטפּלעקבאר דורכנ דערקלערנ דעמ עסאָטערישנ זינ פונ די הייליקע שריפטנ.

די פרינציפּנ פונעמ אָנגעוויזענעמ מעטאָד פירנ דעמ ראמבאמ אפּנ וועג פונ אלעגאָריע. דער ראמבאמ זוכט שטענדיק אינ דער ביבל דאָס, וואָס פאלט צונויפ מיט זײַנ שלעכט פארשטאנענער אריסטאָטעלישער פילאָסאָפיע. אונ אויב די ווערטער פונ דער ביבל נייענ זיכ לויט זייער בוכשטעבלעכנ זינ פאנאנדער מיט דעמ ראמבאמס סכאָלאסטישער סכעמע, דאנ ווערנ זיי ביז גאָר פארגוואלדיקט אונ קלינגענ ווי אינגאנצנ אפּסנײַ אָנגעשריבענע. אָט פארוואָס דער „מורה נבוכים“ האָט ארויסגערופנ גרויסע דערווידערונגענ מיצאד דעמ ראבאָניזמ. ווי עס איז באוווסט, האָבנ די ראבאָנימ געצוווּנגענ דעמ ראמבאמ אָנשרײַבנ זײַנ באוווסטנ „אני מאמינ“ („איכ גלויב“) אונ שפּעטער, נאָכ זײַנ טויט, אינ 1234 יאָר, פארברענט זײַנע ווערק. די דאָזיקע פאקטנ קענענ אָבער ניט אָפּפרעגנ דעמ גרונט=אויספיר, אז דער ראמבאמ, שטייענדיק אפּ די פּאָזיציעס פונ אידעאליזמ אונ סכאָלאסטיק—איז ווײַטער פונעמ טעאָלאָגישנ באנעמ פונ דער ביבל ניט געגאנגענ.

אונ ניט צופעליק דעריבער איז שפּינאָזע זייער שארפ ארויסגעטראָטנ קעגנ דעמ ראמבאמ. „די, וואָס קענענ ניט אָפּטיילנ די פילאָסאָפיע פונ דער טעאָלאָגיע, קריגנ זיכ איבער דעמ, צי דארפ די ביבל דינענ דעמ פארנונפט, צי פארקערט, דער פארנונפט—דער ביבל, ד.ה., צי דארפ דער זינ פונ דער ביבל צוגעפּאסט ווערנ צומ פארנונפט, אָדער, ווידער, דער פארנונפט צו דער ביבל, אונ די לעצטע (מיינונג) ווערט פארטיידיקט פונ די סקעפּטיקער, וועלכע לייקענענ אָפּ דעמ אוטאָריטעט פונעמ פארנונפט, די ערשטע—פונ די דאָגמאטיקער... אָבער, וועלכע פונ די צוויי מיינונגענ מיר זאָלנ ניט נאָכפאָלגנ, וועלנ מיר אומפארמײַדלעכ צעשטערנ אָדער דעמ פארנונפט, אָדער די ביבל... הייסט עס, אי דער, אי יענער (אי דער סקעפּטיקער, אי דער

דאָגמאַטיקער. מ.ב.) וועלן זאָגן גאַרישקייטן, דער ערשטער—אַ סייכל, דער צווייטער—מיט סייכל" (מעאָלאָג. פּאָליט. טראַקטאַט, ז. 215—216).

דעם ראַמבאַמס מעטאָד פון אויסטייטשן די ביבל האַלט שפּינאָזע פאַר א דאָגמאַטישן, ווייל אין העסקעם מיט אַלע טעאָלאָגן, וועלכע האָבן אַרופגעלייגט זייער האַנט אַף דער ביבל, זעט דער ראַמבאַם אין איר אַיין ניט קיין מענטשלעכן דאָקומענט, נאָר א הייליק ווערק, וואָס איז דירעקט אָדער אומדירעקט (דורך מוישען און אַנדערע נעוויִים) אַנטפּלעקט געוואָרן פון גאָט די יִדן. ווייבאַלד די ביבל איז, לויט דעם ראַמבאַם, די אַנטפּלעקונג פון יהוה—יאַהאַווע, קאָן זי ניט זיין קעגנזעצלעך דעם פאַרנונפט. די אויסטייטשונג פון דער ביבל באַשטייט אין אויסזוכן די אידענטישקייט צווישן דעם פאַרנונפט און די הייליקע ווערטער פון די הייליקע שריפטן, דעריבער, איז יעדעס וואָרט פון דער ביבל, ווי קלאָר עס זאָל ניט זיין, נאָר אויב עס ווידערשפּרעכט דעם פאַרנונפט, דאַרף עס אויסגעטייטשט ווערן אַנדערש. אַזוי ווערן ביבלישע טעקסטן פאַרוואַנדלט אין א פאַרבאָרגענער פאָרם פון אַן אַריסטאָטעליש-פילאָסאָפישן אינהאַלט. „מער לעכערלעכס פון דעם,—באַמערקט שפּינאָזע,—איז פאַר מיר, אַלנפאַלס, דוכט מיר, ניט פאַראַן". (דאָרט, ז. 20).

שפּינאָזע קאָן פאַר קיין פאַל ניט מאַסקים זיין און קאָן ניט מויכל זיין דעם ראַמבאַם זיין שטרעבונג צו צופּאַסן די ביבל צו דעם פאַרנונפט. אַיינזעענדיק, אַז דער ראַמבאַם איז דער ערשטער „צווישן די פאַריסייען, וועלכע האָבן אָפן באַשטעטיקט, אַז די שריפטן דאַרפן צוגעפּאַסט ווערן צום פאַרנונפט" (דאָרט, ז. 216), האָט שפּינאָזע דעם ראַמבאַמס מעטאָד אָנגערופן: שעדלעכער, אומנוצלעכער און ווילדער מעטאָד.

לעכערלעך איז דעריבער דער פרוּוו פון די יִדישע און ניט-יִדישע טעאָלאָגן און אידעאַליסטן צו פאַרוואַנדלען שפּינאָזען אין א טרייען שילער פונעם ראַמבאַם. פאַרקערט, שפּינאָזעס אויספירן זעגן דעם ראַמבאַמס מעטאָד פון דער ביבל-קריטיק איז אַזאַ: „אויב מיימאָנידס מיינונג וואַרפן מיר אָפּ און באַשטעטיקן פאַר אַלס קאַטעגאָרישעס, אַז ניט די טעאָלאָגיע דעם פאַרנונפט, ניט דער פאַרנונפט דער טעאָלאָגיע, זיינען ניט מעכויעוו צו דינען, נאָר ביידע געוועלטיקן זיי איבער זייערע קעניגרייכן, מאַקע נאָר אַזוי, ווי מיר האָבן געזאָגט: דער פאַרנונפט איבער דעם קעניגרייך פון דעם עמעס און די חאָכמע און די טעאָלאָגיע—איבער דעם קעניגרייך פון רעכט—פאָרמיקייט און געהאָרכזאַמקייט" (דאָרט, ז. 220).

פון שפּינאָזעס באַציִונג צום ראַמבאַם קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן זיין אייגענע **גרונטלעכע אָפּשאַצונג פון דער ביבל**. נאָר איידער מע טרעט צו צום באַהאַנדלען שפּינאָזעס מעטאָד פון דער ביבל-קריטיק, איז נויטיק זיך אָפּצושטעלן אַפן איבן-עזרע, וועלכער האָט, ווי עס איז אויבן אָנגעוויזן, געהאַט א גרויסע ווירקונג אַף שפּינאָזעס זעלבסטשטענדיקע פּרינציפּן און אויספירן.

איבן-עזרע (1092—1167)—א יִדישער פילאָסאָף, א פּאָעט, א קאָמענטאַטאָר פון דער ביבל, האָט זייער פאָרזיכטיק, אין א ביז נאָר פאַרנעפּלטער פאָרם דער ערשטער אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז דער כומעש איז ניט מוישעס כומעש. שפּינאָזע סימפּאַטיזירט איבן-עזרען. ער רופט אים אַן פרייַדענקער און כאַראַקטעריזירט אים אַלס א מענטשן, וואָס באַזיצט ערודיציע. די ווערטער פון דברים: „אלה הדברים אשר דבר

משה אל כל ישראל בעבר הירדן במדבר" (דאָס זײַנען די רייד, וואָס מוישע האָט גערעדט צו גאַנץ יִסראָעל אַף יענער זײַט יאַרדן, אין דעם מידבער) קאָמענטירט איבן־עזרע: „בעבר הירדן וג' ואם תבין סוד השנים עשר גם ויכתוב משה והכנעני אז בארץ בהר יהוה יראה גם הנה ערשו ערש ברזל תכיר האמת" (אַף יענער זײַט יאַרדן, און אויב דו ווילסט פאַרשטיין די געהיימניסן פון די צוועלף. אויך און מוישע האָט פאַרשריבן, און דער קנאַאַני איז דעמאָלט געזעסן אינעם לאַנד, אַף דער גאָט־לעבער באַרג דערשײַנט, זע זײַן בעט, איז אַ בעט פון אײַזן—וועסטו דערקענען דעם אמעס).

שפּינאָזע מעלדעט, אַז ער נעמט אַף זיך צו דערקלערן די דאָזיקע פאַרגעפּלטע פאָר־מול איבן־עזרעס. מע דאַרף באַזיצן שפּינאָזעס גרויסע ערודיציע און שפּינאָזעס פילאָסאָפישן געדאַנק, קעדיי די דאָזיקע פאָרמול, וואָס איז מיט פינף יאָרהונדערטער פאַר אים אָנגעשריבן געוואָרן, ביז גאָר ריכטיק און פּינקטלעך צו דעשיפרירן.

וואָס געפינט אײַן שפּינאָזע אין איבן־עזרעס פאָרמול?

א) דער אויסדרוק „אַף יענער זײַט יאַרדן", דערווײַזט, אַז דער אויטאָר פון דברים איז ניט מוישע, ווײַל מוישע איז געבליבן אַף דער זײַט יאַרדן און האָט דעריבער דברים ניט געקענט פאַרפאַסן.

ב) איבן־עזרעס ווערטער: „און אויב דו ווילסט פאַרשטיין די געהיימניסן פון די צוועלף" מיינען די ערטער פון דער ביבל—„וכתבת על האבנים את כל דברי התורה הזאת" (דברים, כ"ז, 8) און „ויכתב שם על האבנים את משנת תורת משה" (יהושע, ח' 32). לויט דער מיינונג פון די יִדישע מעלאָכים איז אַף צוועלף שטיינער פאַרשריבן געוואָרן מוישעס טוירע. פון דעם איז געדרונגען, אַז דאָס, וואָס מע קען פאַרשרײַבן אַף צוועלף שטיינער גייט זיך פאַנאַנדער לויטן פאַרנעם מיט דעם כומעש.

ג) „אויך מוישע האָט פאַרשריבן" מוזן זײַן די ווערטער פון דברים ל"ב, 9— „ויכתב משה את התורה". קלאָר, אַז די ווערטער קענען מוישען ניט געהערן, נאָר דאַרפן געהערן אַ צווייטן שרײַבער, וועלכער דערציילט וועגן מוישעס טוען.

ד) „און דער קנאַאַני איז דעמאָלט געזעסן אינעם לאַנד", זײַנען ווערטער, וואָס זײַנען גענומען געוואָרן פון בראשית, י"ב 6, דער, וואָס האָט געשריבן די דאָזיקע ווער־טער, שרײַבט מיט דעם אונטער די צײַט, ווען זיי זײַנען געשריבן געוואָרן, ד.ה., זיי זײַנען געשריבן געוואָרן נאָך מוישעס טויט, ווען דער קנאַאַני איז פאַרטריבן געוואָרן פונעם לאַנד און פאַלעסטינע האָט זיך שוין געפונען אין די הענט פון די יִדן.

ה) „אַף דעם געטלעכן באַרג דערשײַנט", אונטער דעם דאָזיקן געטלעכן באַרג מיינט איבן־עזרע, לויט שפּינאָזעס מיינונג, דעם באַרג מאָריאָ, אַף וועלכן אַווראָם האָט זיך געקליבן ברענגען יִצכאָקן צו דער אקיידע. אין בראשית, כ"ב 14 ווערט דער באַרג אָנגערופן—„יהוה יראה", וואָס הייסט לויט שפּינאָזעס איבערזעצונג נאָמען באַרג[1]). דער באַרג האָט אָבער געקראָגן היינטן נאָמען באַרג, נאָר דאַן, מיינט שפּינאָזע, ווען אַף אים וואָלט געווען אויסגעבויט אַ טעמפּל, וואָס אין מוישעס צײַטן האָט דאָס ניט געקאָנט זײַן.

[1]) איבן־עזרע און נאָך אים שפּינאָזע האָבן ניט פּינקטלעך פאַרטײַטשט די ווערטער: „יהוה יראה". זייערער ריכטיקער טײַטש איז—אַף דער באַרג דערשײַנט גאָט. זע: Gunkel. „Genesis ad Locum".

ו) דער אויסדרוק: „זע זײַנען בעט, איז א בעט פון אײַזן“ איז גענומען געוואָרן פון דברים, ג' 11: „נאָר אויג דער קיניג פון באָשאָן איז איבערגעבליבן פון די לעצטע ריזן (רפאים); זע זײַן בעט—איז א בעט פון אײַזן, וועלכע איז געווען אין ראבאט, וואָס האָט געהערט צו די זין פון אמוין“. דער אווטאָר פון דעם דאָזיקן פּאָסעק האָט גענומען לעבן שפּעטער פון אויג מעלעכ האבאָשאָן, הייסט עס, שפּעטער פון מוישען. שפּינאָזע גיט צו אפּ דעם סמאַכ פון שמואל ב. י'ב 26, 30, אז די אײַזערנע בעט האָט מען ערשט געפונען אין דאָווידס צײַטן, ווײַל דאָוויד האָט באַקעמפט דעם קעניג פון ראבאט, פון די זין פון אמוין. „מיט דעם, ענדיקט שפּינאָזע, האָבן מיר דערקלערט איבן-עזרעס געדאַנק, ווי אויכ די ערטער פונעם כומעש, וועלכע ער האָט געבראַכט, קעדיי צו באַשטעטיקן זײַן געדאַנק“ (דאָרט, ז. 141).

די לעצטע ווערטער פון איבן-עזרעס פאָרמול—תכיר האמת—וועסטו דערקענען דעם עמעס,—זײַנען ווי וועגן שפּינאָזען אליין געשריבן געוואָרן, ווײַל ער איז דער ערשטער, וועלכער האָט זיך פאַנאַנדערגעקליבן און באַנומען דעם אינהאַלטספולן, כאָטש פאַרנעפּלטן, געדאַנק איבן-עזרעס און גענאַכט פון דעם די נעהעריקע אויספירן.

אָפּוואַרפנדיק דעם ראַמבאַמס טעאָלאָגישן צוגאַנג צו די שריפטן, ארויסגייענדיק פון איבן-עזרעס אָנווײַזונגען, לייגט פאָר שפּינאָזע א ביז גאָר אינטערעסאַנטן און וויכטיקן פאָר זײַן צײַט מעטאָד פון דערקלערן די ביבל. דער מעטאָד איז אים נייטיק, „קעדיי צו באַפרײַען דעם סייכל פון די טעאָלאָגישע אבערגלויבענישן און לײַכטזיניק ניט אָנעמען מענטשלעכע אויסטראַכטענישן פאַר געטלעכע קלאָלים“ (דאָרט, ז. 114). שפּינאָזע פאַרגלײַכט די ביבל צו דער נאַטור. און אזוי ווי די נאַטור קאָן דערקלערט ווערן נאָר דורכ זיכ זעלבסט, דאַרף אויכ די ביבל דערקענט ווערן נאָר דורכ זיכ זעלבסט. הייסט עס—אז אויכ די דערקלערונג און די אויסטײַטשונג, דאָס אייגענע די דערקענונג פון דער ביבל דאַרף באַשטיין אין אופּשטעלן איר אייגענע געשיכטע. דער דאָזיקער מעטאָד ווערט דעריבער פון שפּינאָזען אָנגערופן—היסטאָרישער.

די ביבל און די נאַטור ווערט אפּ איין אופן דערקענט אין דעם זין, וואָס דער דערקענונגס-מעטאָד גייט ארויס בלויז פונעם כאַראַקטער און אינהאַלט, פון דער אייגנאַרטיקײַט און ספּעציפישקײַט פונעם באַטראַכטן אָביעקט. „די דערקענונג פון דעם 'אַלעם, ד. ה. פון קימאַט אלע זאכן, וועלכע געפינען זיכ אין דער ביבל, דאַרף אנטליען ווערן פון דער ביבל אליין, ענלעכ צו דעם, ווי די דערקענונג פון דער נאַטור—פון דער נאַטור אליין“ (דאָרט. ז. 115).

ווי עס איז צו זען, פאַרשפּרייט שפּינאָזע דעם מעטאָד פון דערלערנען די נאַטור אפּ דער ביבל, דער מעטאָד הייסט היסטאָרישער בלויז לויט דער אנאַלאָגיע מיט דעם מעטאָד פון דערלערנען די נאַטור. און דאָ פילן זיכ אי די שטאַרקע זײַטן, אי די שוואַכע זײַטן פון שפּינאָזעס פילאָסאָפיע. שפּינאָזעס מעטאָד רײַסט אראָפּ די הייליקײַט, דאָס אייגענע, די געטלעכקײַט און די רעליגיעזקײַט פון דער ביבל, עס בלײַבט בלויז איבער דער פאַרנונפטלעכער צוגאַנג צו דער ביבל. דאָס איז בעפּיירעש א גרויסער פאַרדינסט. איבערלאָזנדיק בלויז דעם פאַרנונפטלעכן צוגאַנג צו דער ביבל, האָט שפּינאָזע אײַנגעזען אינעם פאַרנונפט די ענדגילטיקע אינסטאַנץ, וועלכע וועט אופּשטעלן די ביבל-געשיכטע פון דער ביבל זעלבסט, אלס פּראָדוקט פונעם פאַרנונפט.

דאָס איז פאַלש. שפּינאָזע, ווי אַלע מאַטעריאַליסטנ ביז מאַרקסנ, איז געשטאַנענ אַפּ מאַטעריאַליסטישע פּאָזיציעס, קאָלזמאַנ ער האָט דערקענט די נאַטור, אונ האָט פאַרלאָזנ די מאַטעריאַליסטישע פּרינציפּנ, ווענ ער האָט זיכ גענומענ צו דערקלערנ געשיכטלעכע אונ געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגענ.

פונ דער ביבל זעלבסט, ווי פונ יעדער גרויסנ אידעאָלאָגישנ דאָקומענט, קאָנ מענ איר אייגענע געשיכטע פולשטענדיק ניט אופשטעלנ. פאַרקערט, די ביבל איז דער איינציקער, פּינקטלעכער, קימאַט דער איינציקער קוואַל־דאָקומענט פונ דער אוראַלטער יידישער געשיכטע. קעדיי צו מאַכנ די ווּסנשאַפטלעכע אויספירנ וועגנ דער דאָזיקער געשיכטע, דאַרפ די ביבל־מאַטעריאַלנ קאָנטראָלירט ווערנ אַפּ פּאַראַלעלע אונ אויסער ביבל־דאָקומענטנ. פעסטשטעלנדיק די געשיכטע פונ די אוראַלטע יידנ, קאָנ מענ ווּסנשאַפטלעכ, אַרויסנייענדיק פונ די מאַטעריעלע געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסנ, קומענ צו דער דערקלערונג פונ דעם „איבערבוי“ פונ דער רעמלטיקער יידישער געזעלשאַפט, צו דער דערקלערונג פונ די פאַרפיקסירטע פאַרשיידנאַרטיקסטע פאַרמענ פונ דער אידעאָלאָגיע פונ יענער געזעלשאַפט, דערינ אויכ צו דער אויסטייטשונג פונ דער ביבל. אינ דעם באַשטייט בעעמעס דער היסטאָרישער מעטאָד פונ דער ווּסנשאַפטלעכער דערקלערונג פונ דער ביבל. שפּינאָזע האָט עס אָבער ניט פאַרשטאַנענ, אימ איז פרעמד געווענ די דיאַלעקטיק פונ מאַטעריעלע אונ גייסטיקע פּראָצעסנ. זיינ פאַרשטיינ היסטאָרישנ מעטאָד איז איינגאַרטיק אונ באַגרענעצט.

אַפּ דעם אַנאַליז פונ די ביבלישע ניסים אונ פונ דער ביבלישער געווּס קאָנקרעטיזירט שפּינאָזע די גרונטיקע מאָמענטנ פונ זיינעמ, אַזויגערופענעם, היסטאָרישנ מעטאָד.

וווּנדער איז בלויז אַ סוביעקטיווער באַגריפ, אינ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט זיינענ קיינ ניסים, קיינ וווּנדער ניט פאַראַנ. די נאַטור אַנטוויקלט זיכ געזעצמעסיק. אירע דערשיינונגענ זיינענ אורזאַכלעכ פאַרבונדנ אונ באַדינגט. דער נאַטור איז אייגנטימלעכ אַ באַשטימטער אונ אומצעשטערבאַרער סיידער. „דעריבער דאַרפ מענ אַ „נעס“ פאַרשטיינ נאָר אינ באַצוג צו די מענטשלעכע מיינונגענ“ (דאָרט, ז. 97). ווּבאַלד אונטער ניסים פאַרשטייט מענ איבערנאַטירלעכע דערשיינונגענ, הייסט עס, אַז זיי ווּדערשפּרעכנ דעם איינגעשטעלטנ סיידער פונ דער נאַטור, אַזוי־אַרום, עקזיסטירנ זיי ניט. דערלאָזנ ניסים אינ דער נאַטור—הייסט אַנערקענענ אַנ אַבסורד. צו ניסים קומט מענ אָנ, ווענ מע ווייסט עפּעס ניט. „אַ מעשונעדיק מיטל, פאַרשטייט זיכ, מוירע זיינ זיכ אינ אומווּסנ“ (דאָרט, ז. 100).

קעדיי צו דערווייזנ די ריכטיקייט פונ דעם דאָזיקנ געדאַנק, ברענגט שפּינאָזע די פּסוקים 2—6 פונ י"ג דברים, ווו עס ווערט געזאָגט: „ובא האות והמופת אשר דבר אלך: לא תשמע על דברי הנביא ההוא וג' כי מנסה יהוה אליהכם אתכם וג' והנביא ההוא... יומת“ (אונ כאָטש עס וועט דער צייכנ, אָדער דער מויפעס, וועגנ וועלכע ער האָט צו דיר גערעדט אָנקומענ א.וו. זאָלסטו אָבער זיכ ניט צוהערנ צו די רייד פונ דעם נאָווי אַזוי. ווייל יאַהווע אייער גאָט פּרווּט אייכ אויס אַזוי. אונ זאָל דער דאָזיקער נאָווי... געטויט ווערנ). פונ דעם איז קלאָר, באַמערקט שפּינאָזע, אַז די ביבל אַליינ לייקנט אָפּ ניסים, אַז די ביבל אַליינ באַהויפּטעט, אַז גאָט, דאָס אייגענע די נאַטור, קאָנ ניט דערקענט ווערנ מיט דער הילפ פונ ניסים. פאַרוואָס אָבער

פארגעמענ אינ דער ביבל ניסים אנ אָרט? דאָס קאָנ דערקלערט ווערנ מיט דעם, ענטפערט שפּינאָזע, וואָס די ייִדנ אינ דער ביבל־עפּאָכע האָבנ געגלויבט אינ וווּנדער, זייענדיק געצנדינער, אונ קעדיי דערקלערנ זיי דעם אָדער יענעם גערעכט האָט מענ זיך צונעפּאסט צו זייער באַגעם.

עס ווערט דערציילט, אז יעשוע האָט באַוויזנ וווּנדער—האָט אָפּגעשטעלט די באַוועגונג פונ דער זונ. פונ דער מעסע, מיינט שפּינאָזע, דרינגט ארויס, ערשטנס, אז די ייִדנ האָבנ געגלויבט אינ דעם, אז די זונ באַוועגט זיך ארום דער ערד, צווייטנס, אז די ייִדנ זענענ געווענ געצנדינער אונ קענענ געצנדינערײַ איז געווענדעט די דערוויזונג, אז גאָט פירט אָנ מיט דער זונ אונ קאָנ זי פארהאלטנ אינ איר באַוועגונג. „אזוי־ארום, קומט שפּינאָזע צום אויספיר, אז קעדיי צו פארשטייג די ניסים פונ דער ביבל אונ די דערציילונגענ וועגנ זיי אפ וואָס פאר אנ אויפנ זיי זענענ אנטשטאַנענ אינדערעמעסנ, מוזנ מיר וויסנ די מיינונג פונ די, וועלכע האָבנ וועגנ זיי די ערשטע דערציילט אונ וועלכע האָבנ אונדז איבערגעלאָזט א באַשרײַבונג וועגנ זיי“. (דאָרט, ז. 108). פונ דעם אויספיר איז קלאָר, אז דאָס, וואָס שפּינאָזע קומט אָנ צו דער ביבל זעלבסט אפ צו דערוויזנ, אז אינ דער גאַמור זענענ קיינ ניסים ניט פאראנ, איז, ערשטנס, א מיטל צו מאסקירנ זײַנ אטעיזם, צווייטנס, א מיטל ארויס־צוּווארפנ פונ דער ביבל דאָס טעאָלאָגישע שאָלעכץ וואָס (דאָס מיטל) פירט צו באַזײַטיקנ די ביבל אלס מענטשלעכנ דאָקומענט, וועלכער איז באַשאַפנ געוואָרנ אינ א באַשטימטנ צײַט־אָפּשניט פונ דער אוראלטער ייִדישער געשיכטע.

דער אנאליז פונ דער ביבלישער געווזע איז געגעבנ געוואָרנ אסאַך ברייטער. אָבער, פארשטענדלעך, וואָרנט שפּינאָזע, אז „אלץ, וואָס מע קענ זאָגנ וועגנ דעם, דארפ אויסגעלייענט ווערנ פונ די שריפטנ זעלבסט. דעריבער בלײַבט אונדז גאָרניט, ווי נאָר צו צעוויקלענ די הייליקע פּאָליאנטנ, וועלכע עס האָבנ אונדז איבערגעלאָזט די געוויזים, צעוויקלענ, פארשטייט זיך, פּאָרזיכטיק, קעדיי ניט באַהויפּטנ אָדער ניט צושרײַבנ וועגנ די ענלעכע זאכנ גאָרניט אזוינס, וואָס די געוויזים אליינ האָבנ קלאָר ניט ארויסגעזאָגט“. (דאָרט, ז. 16). עטעס, שפּעטער ווערט שפּינאָזע דערקלערנ, אז קעדיי צו פארשטייג דעם טאָך פונ דער ביבלישער געווזע איז ווייניק וויסנ בלויז דעם טעקסט פונ די געוויזים, נאָר וועגנ דעם ווײַטער. דערווײַל, איז וויכטיק צו באַמאָנענ, אז שפּינאָזע האלט זיך פעסט בא זײַנ היסטאָרישנ מעטאָד אונ פאָדערט האלטנ זיך בא די ביבלישע פּאָליאנטנ, אונ שפּינאָזע צעוויקלט דעם מאגאַך אונ לערנט א בלאט טוירע אפ זײַנ אויפנ.

אינ די הייליקע שריפטנ איז געזאָגט געוואָרנ, אז די געטלעכע אנטפּלעקונג, די געווזע קומט פאָר אָדער דורך ווערטער, אָדער דורך זעונג. מיט ווערטער האָט זיך גאָט אנטפּלעקט נאָר מוישעג. „ונועדתי לך שם ודברתי אחד מעל הכפרת מבין שני הכרו־בים“ („אונ איך וועל זײַנ גרייט פאר דיר דאָרט אונ איך וועל ריידנ מיט דיר פונ דעם טייל קאַסטנ, וועלכער געפינט זיך צווישנ די קרוווים). דער דאָזיקער טעקסט פונ דברים, כ׳ו, 22 ווײַזט, אז גאָט פארמאָגט קלוימערשט א שטים אונ מיט איר הילפ האָט ער זיך מוישעג אנטפּלעקט. די איבעריקע געוויזים האָט זיך גאָט אָבער קיינמאָל מיט דער הילפ פונ דער שטים ניט אנטפּלעקט: די געוויזים פונ אלע איבעריקע געוויזים שטעלט מיט זיך פאָר זעונג־געווזע. דאָס ווערט קלאָר פונ במדבר,

י״ב, 6—7: „אם יהיה נביאכם יהוה במראה אליו אתודע בחלום אדבר בו: לא כן עבדי משה וכ“ („אויב ווער פונ אייכ וועט זיינ א נאָווי פונ גאָט, וועל איכ, יאַהווע, זיכ אנטפּלעקנ אים מיט דער הילף פונ זעונג, אינ כאָלעמ וועל איכ ריידנ מיט אים, נאָר ניט אזוי האָב איכ זיכ מוישענ אנטפּלעקט“). אָבער דאָס, אז גאָט האָט זיכ קלוימערשט מיט דער הילף פונ א שטימ בלויז מוישענ אנטפּלעקט, זעצט פאַר שפינאָזע,—איז אויכ נאָר א מאָמענט פונ דער פאָרשטעלונגס־קראַפט. אינ כאָלעמ נאָר האָט מענ גאָטס שטימ געקאָנט הערנ, אונ אז עס איז אזוי, דערווייזט בראשית, כ, 6—„ויאמר אליו האלהים בחלום“. („אונ גאָט האָט מיט אים גערעדט אינ כאָלעמ“). אייגנטלעכ, נאָר אינ כאָלעמ, איראָניזירט שפינאָזע, איז מענ בעקוועמ זיכ פאָרשטעלנ ניט־עקזיסטירנדיקע זאכנ. אזוי אָדער אנדערש, איז נעוויִע פארבונדנ מיט דער פאָרשטעלונגס־קראַפט, מיט דעמ קוועכ־האַדימיענ. אָבער אויב עס איז אזוי, איז אינגאנצנ ניט נויטיק קיינ שומ בילדונג, קעדיי צו קענענ זאָגנ נעוויִעס, באַמערקט שפינאָזע. וועהאָרייִע, אווראָמס קנעכט האָגאָר האָט געהאַט נעוויִע־קראַפט. נעוויִע באזירט זיכ ניט אפ דעמ פארנונפט אונ קעדיי צו איבערצייגנ אינ דער וואָרהייט פונ דעמ, וואָס זי אנטפּלעקט, קומט נעוויִע אָנ צו דער הילף פונ צייכנס. גאָט האָט שוינ מוישענ געזאָגט: „וזה לך האות כי אנכי שלחתיך“ („אונ דאָס זאָל דיר זיינ א צייכנ, אז איכ האָב דיכ געשיקט“). „אזוי־ארומ, איז נעוויִע מינדערווערטיקער פונ דער נאַטירלעכער דערקענונג, וועלכע נייטיקט זיכ ניט אינ קיינ שומ צייכנ, נאָר אנטהאלט אינ זיכ וואָרהייט אפנ סמאכ פונ איר אייגענער נאַטור.“ (טעאָל.- פּאָליט. טראקטאט, ז. 33). די נעוויִע האָט גאָרניט צו טאָנ מיט דער נאַטירלעכער דערקענונג, וועלכע שטרעבט צומ עמעס. די געטלעכע אנטפּלעקונג איז זייער „א צווייפלהאפטע זאכ“. די, וואָס זוכנ דעמ עמעס וועגנ די מאַטעריעלע אונ גייסטיקע דערשיינונגענ פונ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט אינ די ביכער פונ די נעוויִימ, די גייענ אפ א פאלשנ וועג. „אונ איכ זאָרג זיכ זייער ווייניק וועגנ דעמ, שרייבט שפינאָזע, וואָס פאר א קאַצניאָמער עס וועט אופהויבנ די רעליגיע, וועלכע טראָגט אינ זיכ ניט קיינ נרעסערע סינע, איידער צו די מענטשנ, וועלכע האָבנ זיכ אָפּגעגעבנ דער עמעסער וויסנשאפט אונ דעמ עמעסנ גלויבנ“ (דאָרט. ז. 32). די רעליגיע האָט פארכאַפּט די ביכער פונ די נעוויִימ, באטראכטנדיק זיי אלס געטלעכע ספאָרימ. אינדערעמעסנ, ווי דאָס קענ מענ דערווייזנ מיט די טעקסטנ פונ דער ביבל אליינ שטיימ די נעוויִע אסאכ נידעריקער פונ דעמ פארנונפט, פונ דער פארנונפטלעכער דערקענונג. פאר רעליגיעז געשטימטע מענטשנ דאַרפ די דאָזיקע דערקלערונג, וועלכע שטיצט זיכ אפ דער ביבל, זיינ מער איבערצייגנעוודיקער, איידער אוועלכע ס'ניט איז אנדערע, צוליב דעמ טאקע מאכט שפינאָזע אָפט א פרומענ פּאָנעמ, קעדיי זיינ איבערצייגנעוודיקער אלס אטעִיסט.

דער היסטאָרישער מעטאָד זיינער גיט אימ, אזוי־ארומ, די מעגלעכקייט צו באַטראַכטנ די נעוויִימ־ביכער אלס דאָקומענטנ, וועלכע זיינענ פונ מענטשנ פארפאסט, אונ אינ וועלכע עס איז פארפיקסירט געוואָרנ דער צושטאנד פונ די ייִדנ צו דער באַטור אונ אירע דערשיינונגענ, צו גאָט אונ זיינע מיִסים, צו דער ייִדישער געשיכטע אונ אירע ענדערונגענ אינ דער צייט, אינ וועלכע די נעוויִימ האָבנ געלעבט. די נעוויִימ איז גאָרניט מענטשלעכעס נעוויִע פרעמד. ישעיה, יחזקאל, עמוס, זכריה—דאָס

זײַנענ מענטשנ פונ פארשײדענע טעמפּעראמענטנ אונ סטילנ, באגעמ אונ געשמאק. „גאָט האָט קײנ שומ סטיל ניט, נאָר ער איז א מאָל גראָב, בארעדעװדיק, געפּלאַהאפּט, שײנ, פּינקטלעכ. אָפּהענגיק פונ דער ערודיציע אונ פונ די פײַקײטנ פונ די נעװיִמ" (דאָרט, ז. 36).

שפּינאָזע האָט זײער גוט פארשטאנענ, אז מיט דער הילפ פונ דער ביבל זעלבסט, קאָנ מענ אלצ װעגנ דער ביבל ניט זאָגנ. װיבאלד די ביבל איז א מענטשלעכער דאָקומענט, װיבאלד די הײליקע געזעצ אלס קװאל פונ דער ביבל=פארפאסונג איז ארונטערגעריסנ, װיבאלד די טעאָלאָגיע אלס אױטאָריטעט פונ דערקלערנ די ביבל איז אָפּגעװאָרפנ, װיבאלד די גרונט=פעסטונג פונ דער רעליגיע איז צעשמעטערט געװאָרנ אלס געטלעכע אנטפּלעקונג אונ איז אװעקגעשטעלט געװאָרנ אפ אנ ערדיש„זינדיקנ" באָדנ פאָדערט דער היסטאָרישער מעטאָד שפּינאָזעס גײנ װײַטער אונ אופשטעלנ די עמעסע געשיכטע פונ דער ביבל, דעמ גורל פונ די פארשײדענע ביבלביכער, די אױטאָרנ פונ דער ביבל, די קװאלנ פונ דער ביבל אונ אירע דערקענונגס=װערט.

אָט די דאָזיקע פאָרטיפערונג פונעמ היסטאָרישנ מעטאָד האָט שפּינאָזענ געגעבנ די מעגלעכקײַט דעמ ערשטנ אװעקצושטעלנ אײנע פונ די גרונט=פּראָבלעמענ פונ דער הײַנטצײַטיקער ביבלעיִסטיק—די פּראָבלעמ פונ קריטיק פונ די טעקסטנ. די דאָזיקע פּראָבלעמ האָט שפּינאָזע ניט נאָר פאָרמולירט. ער איז געקומענ צו א רײ אױספירנ, װעלכע האָבנ ניט נאָר געדינט אלס באזע פונ דער קומענדיקער װיסנשאפטלעכער ביבל=קריטיק, נאָר זײ זײַנענ אָט די געניאלע השערות, װעלכע האָבנ פאָרױסגעזעענ די װיסנשאפטלעכע דעראָבערונגענ פונ די הײַנטצײַטיקע ביבלעיִסטנ. שפּינאָזע האָט זיכ אױכ דערקליבנ צו דער צװײטער גרונט=פּראָבלעמ פונ דער הײַנטצײַטיקער ביבלעיִסטיק—צו דער פּראָבלעמ פונ דער ליטערארישער קריטיק נאָר אפ דעמ געביט האָט ער געמאכט קלענערע דערפאָלגנ. אונ דאָס איז ניט צופעליק. שפּינאָזע איז געװענ פרעמד דער צוגאנג צו אידעאָלאָגישע פּראָצעסנ, אלס פּראָצעסנ, װאָס שפּיגלענ אָפּ אזױ אָדער אנדערש אינ די מוחות פונ מענטשנ זײער אײגענע אָביעקטיװע, אנ אונ פאר זיכ עקזיסטירנדיקע געשיכטע. פאר שפּינאָזענ, װי עס איז אױבנ אָנגעװיזנ, איז רעליגיע ניט קײנ פּראָדוקט פונ געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישנ, נאָר בלױז א רעזולטאט פונ פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגענ, פונ שרעק, פונ פארקריפּלונגענ פונעמ פארנונפט. אױב שפּינאָזע האָט זײער גוט פארשטאנענ, אז „די פּרינציפּנ פונ דערקענענ די ביבל זײַנענ ניט... גענוג פאר דעמ, קעדײ אפ זײער סמאכ זאָל מענ קענענ אופשטעלנ דאָס גאנצע", ד. ה. די גאנצע עמעסדיקע געשיכטע פונ דער ביבל, האָט ער דאָכ זיכ ניט דערהױבנ צומ געדאנק, אז „אפילע די פארנעפּלטע אױסבילדונגענ אינעמ מאָרכ פונ די מענטשנ —אי די זײַנענ נױטװענדיקע סובלימאטנ (פּראָדוקטנ) פונ זײער מאטעריעלנ לעבנס=פּראָצעס, װעלכער קאָנ פעסטגעשטעלט װערנ אפ דער דערפארונג, אונ װעלכער איז פארבונדנ מיט מאטעריעלע פאָרהאנאָכעס". (מארקס אונ ענגעלס. ב. IV, ז. 17). שפּינאָזע האָט געזוכט אנ אױסװעג אונ האָט אימ געפונענ אינעמ פארנונפט. „דאָס איז ריכטיק, שרײַבט ער, אז די ביבל דארפ דערקלערט װערנ דורכ דער ביבל זעלבסט קאָלזמאנ מיר פאָרשנ נאָר דעמ זינ פונ די רײד אינ דעמ געדאנק פונ די נעװיִמ. נאָר נאָכ דעמ, װי מיר האָבנ אױסגעפונענ דעמ עמעסנ זינ, מוז מענ אומבאדינגט נוצנ זיכ מיט אור=

מיינונגענ אונ מיטנ פארנונפט" (טעאָל.—פּאָליט. טראַקטאַט, ז. 217). אויב דער זינ פונ נעוויִעמ האָט גאָרניט צו טאָנ מיט געטלעכקייט אונ הייליקייט, הייסט עס, אז די נעוויִמ-ביכער זיינענ א פּראָדוקט פונעמ מענטשלעכנ פארנונפט. דערקלערנ קאָנ מענ די פּראָדוקטנ פונעמ מענטשלעכנ פארנונפט, לויט שפּינאָזענ, מיט דער הילפ פונעמ פארנונפט זעלבסט. מיט דער הילפ פונ דעמ פארנונפט, וועלכער קאָנ אריינדרינגענ אינ די פּראָדוקטנ פונ דעמ פארנונפט, אינ דעמ פאל, אינ דער ביבל, קענ מענ אופשטעלנ די ריכטיקע געשיכטע פונ דער ביבל. אופשטעלנדיק איר געשיכטע, וועלנ מיר ערשט איינזענ דאָס דערקענונגס-ווערט פונ דער ביבל. די דאָזיקע אופגאַבע ווערט פארשוועריקט מאכטעמ דעמ, וואָס „...כּמעט איר געשיכטע איז ביז נאָר נויטווענדיק, דאַכ האָבנ די אוראַלטע ניט נעזאָגט וועגנ איר, אָדער אויב זיי האָבנ אוועלכע ס'ניט איז געשיכטע אָנגעשריבנ אָדער איבערגעגעבנ, איז זי אינ פארלויפ פונ צייטנ פארלאָרנ געגאַנגענ, אונ אזוי-ארומ, איז א גרויסער טייל פונ די באגרינדונגענ אונ פּרינציפּנ פונ דער דאָזיקער דערקענונג פארניכטעט געוואָרנ. דאָס וואָלט מענ נאָכ געקאָנט פארלייַדנ, ווענ די קומענדיקע דורות וואָלטנ זיכ געהאַלטנ אינ ריכטיקע גרענעצנ אונ וואָלטנ דאָס ביסל, וואָס זיי האָבנ באקומענ אָדער געפונענ, איבערגעגעבנ זייערע יאָרשימ געוויסנהאַפט, אונ וואָלטנ ניט אויסגעטראַכט אפּסנײַ זאַכנ פונ זייער אייגענעמ קאָפּ. אלס פאָלגנ פונ דעמ איז די געשיכטע פונ דער ביבל פארבליבנ ניט נאָר קיינ פולקאָמע, נאָר אויכ א פעלערהאַפטע"... (דאָרט, ז. 137). אינ דער ביבל אליינ אונ דערהויפּט אינעמ דער ביבל האָט מענ אריינגעטראָגנ געטלעכע הייליקייט, מע האָט ניט אופגעפאַסט די ביבל אלס ליטעראַרישנ דאָקומענט, אלס פּראָדוקט פונ דעמ מענטשלעכנ פארנונפט, אונ דעריבער ניט-געוויסנהאַפט איבערגעגעבנ איר געשיכטע אונ פארשוועריקט צו צוגיינ געוויסנהאַפטיק צו דער געשיכטע פונ דער ביבל. א זאַכ איז ביז דאַנ הייליק, קאָלזמאַנ מענטשנ באציִענ זיכ רעליגיעז צו דער דאָזיקער זאַכ. אָבער ווענ מע רייסט ארונטער די רעליגיעזע באציִונג דערשיינט די זאַכ אינ אירע נאַטירלעכע קלאָרע פארבינדונגענ. אָט וואָס עס פאָדערט שפּינאָזע. אונ דערפאַר לאָזט ער זיכ אריינ מיט זיינ דורכדרינגלעכנ מויעכ אינ דעמ נעפּל, וואָס רעליגיעז-דענקענדע מענטשנ האָבנ געשאַפנ ארומ דער ביבל, אונ פרווט אופשטעלנ די עמעסע געשיכטע אירע. אפּ דעמ געביט דערגרייכט שפּינאָזע זייער אסאַכ.

שפּינאָזע האָט ריכטיק פעסטגעשטעלט, אז דער אוטאָר פונעמ כומעש איז ניט מוישע. אז יעשוע איז אָנגעשריבנ געוואָרנ פונ דעמ זעלבנ אוטאָר, וואָס האָט פארפאַסט דעמ כומעש, דעריבער קאָנ מענ ניט ריידנ וועגנ א פינפ-בוכ, נאָר וועגנ א זעקס-בוכ, אז דער אוטאָר פונ דעמ דאָזיקנ זעקס-בוכ איז געווענ עזרע. עזרענ געהערנ אויכ, לויט שפּינאָזענ „שופטים", „רות", שמואל א' אונ ב' אונ ביידע „מלכים".

וואָס איז שייַכ די נעוויִמ, מיינט שפּינאָזע, אז אויסער אייניקע אויסנאַמענ („דניאל" צומ ביישפּיל), זיינענ זיי געשיכטלעכע פיגורנ, ד. ה. אוטאָרנ פונ די נעוויִמ-ביכער.

שפּינאָזע באמערקט, אז אויסער דער פעסטשטעלונג פונעמ אוטאָר איז אינ די ביכער פאראַנ נאָכ אזוינס, וואָס פאָדערט אונדזער אופמערקזאַמקייט. דאָס איז, ערשטנס, דאָס, וואָס מע האָט די אוטאָרנ פונ דער ביבל געפּראַוועט; דאָס איז,

צווייטנס, דאָס, וואָס די ביבל אנטהאלט אינ זיכ עלעמענטנ פונ דער אוראלטער געשיכטע פונ דעמ ייִדישנ פאָלק; דאָס איז, דריטנס, דאָס, וואָס די ביבל איז א פיקסאציע פונ פאָלק=עפּאָס, לעגענדעס אונ מיטנ; דאָס איז, פערטנס, דאָס, וואָס זי פאַר־מאָגט אינ זיכ דיכטונג, פּאָעזיע. די דאָזיקע זאכנ, וועלכע דארפנ פארדינענ אונדזער אויפמערקזאמקײט האָט שפּינאָזע, צומ באדויערנ, נאָר אָנגערופנ, נאָר דירעקט מיט זיי זיכ ניט באשעפטיקט. נאָר ווענג „איעוו" זאָגט שפּינאָזע, אז דאָס שטעלט מיט זיכ פאָר „די פּאָעזיע פונ געצנדינער" אונ אז דער סטיל אונ דער דיאלאָג פונ דעמ דאָזיקנ ווערק זײַנענ אײנגעטימלעכ א מענטשנ ניט וואָס איז געפערלעכ קראנק אונ גיט וואָס זיצט אינ אש, נאָר וואָס דענקט אינ קאבינעט, האָבנדיק דערצו גענוג פרײַע צײַט.

אזוי באשטייט שפּינאָזעס היסטאָרישער מעטאָד פונ פאָלגנדע מאָמענטנ:

1. פונ זײַנ אלגעמײנער פילאָסאָפישער אײַנשטעלונג—די אויפגאבע פונ דעמ מענטשנ איז דערקענענ דעמ עמעס. דער עמעס געפינט זיכ אינ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט. די אָביעקטיווע ווירקלעכקײַט איז די נאטור. די נאטור קענ דערקענט ווערנ בלויז מיט דער הילפ פונעמ פארנונפט, הייסט עס, אז נאָר דער פארנונפט האָט דאָס רעכט אפצוגעבנ עמעס.

2. פונ קעגנשטעלונג די בעווזע דעמ פארנונפט. געווזע הייסט נעמלעכע אנטפּלעקונג. נעמלעכע אנטפּלעקונג באטײַט די ארבעט פונ דער פאָרשטעלונגס=קראפט, דעריבער איז עס ניט דערקענונג, ניט פארנונפטלעכע דערקענונג אונ קאָנ ניט פרע־טענדירנ אפנ עמעס. די טעאָלאָגנ באטראכטנ די ביבל אלס רעזולטאט פונ געטלעכער אנטפּלעקונג, דערמיט אלײנ לייקענענ זיי אָפּ, אז די ביבל אנטהאלט אינ זיכ וואָרהײַט.

3. פונ דעמ, אז די ביבל פארמאָגט עמעסדיקײַט. ניט קײנ געטלעכע, נאָר מענטשלעכע. דאָס באטײַט, אז די ביבל איז א רעזולטאט פונ דעמ מענטשלעכנ פארנונפט, אז זי איז א מענטשלעכער דאָקומענט, וועלכער איז פארפאסט געוואָרנ אינ א באשטימטער עפּאָכע. דאָס ווערט פונ דער ביבל איז ניט קײנ געטלעכער, נאָר א היסטאָריש=מענטשלעכער.

4. פונ דעמ, אז די היסטאָריש=אויפגעפאסטע ביבל איז א ליטעראַרישער דענק־מאָל פונ דער עפּאָכע פונ דער אוראלטער ייִדישער געשיכטע, פונעמ אוראלטנ ייִדישנ פאָלקס־עפּאָס אונ פאָלקס־דיכטונג.

---

די מארקסיסטישע ביבל=קריטיק איז נאָכ זייער יונג. ניט לאנג איז דערשינענ דעמ כ' ראנאָוויטשס בוכ: „עטיודנ איבער דער געשיכטע פונ דער רעליגיע פונ אור־אלטע ייִדנ". דער כ' ראנאָוויטש שטעלט זיכ אלס ציל אינ דער דאָזיקער ארבעט צו געבנ אנ אויספירלעכע מארקסיסטישע אָפּהאנדלונג וועגנ דער ביבל. מע דארפ אָבער זאָגנ, אז דעמ כ' ראנאָוויטש האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ פולקומ דעמ דאָזיקנ ציל צו דערגרייכנ. דאָס איז וויכטיק צו באטאָנענ אינ צוזאמענהאנג מיט שפּינאָזעס שטאנדפּונקט אפ דער ביבל דערפאר, ווײַל ראנאָוויטש, אײַנזעענדיק, אז די ביבל איז א רעליגיעזער סייפער האָט ער אָבער אינגאנצנ פארווישט דאָס דערקענונגס־ווערט פונ דער ביבל. איבערהויפּט פארלײַדט ניט ראנאָוויטש די מײנונג, אז א ריי

ביבל־ווערק (שיר השירים, ישעיה, איוב א. אנד.) זײַנענ א קוואל פונ מיטאָלאָגיע, דיכטונג א. ד. ג., פארגעסנדיק, ווי ס'ווײַזט אויס, אז שעקספיר אונ גאָרקי, הײנע אונ פושקינ האָבנ געפונענ פיל שטאָפ, פאראלגעמײנערנדיקע געשטאלטנ אונ גרויסע דיכטערישע פאָרמולעס אינ די ביבלישע לעגענדעס.

שפינאָזע האָט שארפ־אטעיִסטיש אופגעפאסט די ביבל, נאָר בא זײַנ גאנצער אטעיסטישער שארפקײַט האָט שפינאָזע ניט פארוואנדלט די ביבל אינ א גאָרניט־זאָגנדיק ווערק. פארקערט, שפינאָזעס אטעיסטישער צוגאנג צו דער ביבל איז א מיטל אופצודעקנ דאָס דערקענונגס־ווערט פונ דער ביבל. שפינאָזע האָט אויסגעצייכנט פארשטאנענ, אז אראָפרײַסנדיק דעם הייליקנ מאלבעש פונ די שריפטנ, נעמט ער אָפ די ביבל בא דער רעליגיִע אונ גיט איבער א מענטשלעכנ דאָקומענט אינ רעשוס פונ דעם מענטשלעכנ פארנונפט. קלאָר, אז די אופגאבע פונ די מארקסיסטנ, באטראכטנדיק די ביבל, וועט זײַנ—ענדגילטיק באקעמפנ די הייליקע באציִונג צו איר. אָבער ווענ די דאָזיקע אופגאבע איז דערלייזט, ד. ה., ווענ די ביבל ווערט צוגענומענ בא די ייִדישע אונ ניט־ייִדישע גײַסטלעכע, קומענ ערשט דאנ גרויסע אונ שווערע אופגאבנ—אויסצוגעפינענ די מאטעריעלע געזעלשאפטלעכע פאָרהאנאָכעס פונ דער ביבל, דערקלערנ דעם אידייִשנ אינהאלט פונ דער ביבל, איר עפאָס א.ד.גל. אונ אפנ וועג פונ דער דערלייזונג פונ די דאָזיקע אופגאבנ וועט שפינאָזעס ביבל־קריטיק בעפיירעש דינענ אלס וועגווײַזער.

---

# ביבליאָגראַפיע

## דער וועג פונ באַליבטנ שרײַבער

(אורי פינקעל „שאָלעמ-אַלייכעמ“, מעלוכע-פאַרלאַג „עמעס“, מאָסקווע, 1939 יאָר).

אורי פינקעלס בוכ „שאָלעמ-אַלייכעמ“, ווי אויכ דער ערשטער בוכ פונ זעלביקנ אוטאָר „מענדעלע מויכער-ספאָרימ“ (מינסק, מעלוכע-פאַרלאַג, 1936 יאָר) פאַרפילנ א בלויז אינ דער יידישער ליטעראַטור. די קינסטלערישע ביאָגראַפיע איז אינגאַנצנ א נײַס אינ דער יידישער ליטעראַטור אונ מיר דאַרפנ באַגריסנ דעמ כ' פינקעל, וואָס האָט דער ערשטער געמאַכט דעמ פרווו געבנ קינסטלערישע ביאָגראַפיעס פונ די קלאַסיקער פונ דער יידישער ליטעראַטור.

די קינסטלערישע ביאָגראַפיע שטעלט זיכ א ציל געבנ ניט טרוקענע ביאָגראַפישע יעדיעס, דאַטעס אונ ענטפערנ, נאָר אַרײַנפירנ דעמ לעזער אינ דער עפּאָכע, אופלעבנ זי אונ מאַכנ פאַרשטענדלעכ דעמ שרײַבערס לעבנסוועג, צוזויפלעבנ אימ מיט פערזענלעכע אונ געזעלשאַפטלעכע געשעענישנ פונ זײַנ צײַט אַזוי, אַז דער לעזער זאָל דורכמאַכנ מיטנ שרײַבער זײַנ וועג, זײַנע ליידנ אונ פריידנ. טרוקענע ביאָגראַפישע מאָמענטנ ווערנ אָנגעטאָנ אינ בלוט אונ פלייש, ווערנ אויסגעדריקט אינ קינסטלערישע געשטאַלטנ. אונ וואָס טיפער דער אוטאָר דרינגט אַרײַנ אינ לעבנ פונ שרײַבער, פונ זײַנ צײַט אונ אַרומ, אַלצ ברייטער אונ רײַכער ווערט דער לײַוונט, אַלצ פולבלוטיקער ווערט דער לעבנסוועג פונעמ שרײַבער.

דער כ' פינקעל האָט אָפ זיכ גענומענ די אופגאַבע געבנ א קינסטלערישע ביאָגראַפיע פונ די גרונטלייגער פונ דער יידישער ליטעראַטור, פונעמ „זיידנ“ אונ „איניקל“.

דעמ כ' פינקעל איז געלונגענ געבנ א ברייט בילד פונ שאָלעמ-אַלייכעמס לעבנ, פונ זײַנ נאָענטנ אַרומ, פונ זײַנע קינדער-יאָרנ אונ יונגנ עלטער, די יאָרנ, וואָס האָבנ געהאָלפנ אויספורעמען זײַנ אידייען-וועלט, געלייגט א שטעמפּל אָפ זײַנ ליטעראַרישנ שאַפונג-וועג. דער אוטאָר טראָגט אונדז אַריבער אינ די וואָראָנקעס פּערעיאַסלעווס, אינ יידישע שטאָט אונ שטעטל, אינ קאַסרילעווקע אונ יעהופּעצ. פאַר אונדזערע אויגנ לעבט אופ דאָס אַלטע, שוינ לאַנג אָפּגעמעקטע געשטאַלט פונ שטעטל. מיר דערפילנ, אָפ וואָסער באָדנ זײַנענ אויסגעוואַקסנ שאָלעמ-אַלייכעמס פּערסאָנאַזשנ, מענאַכעמ-מענדל אונ טעוויע דער מילכיקער.

שאָלעמ-אַלייכעמס ליטעראַרישע שאַפונג כאַפּט אַרומ א פּעריאָד פונ קנאַפּע דרײַצענדליק יאָר פונ 19-טנ אונ אָנהײב 20-טנ יאָרהונדערט, יאָרנ פונ אופברויז אונ רע-

וואָליוציע, יאָרנ פונ אָנזאָג אונ אָנקומ פונ א נײַעמ קלאס, וואָס האָט פארניכטעט די אלטע וועלט אונ האָט פארווירקלעכט די טרוימענ פונ די בעסטע פאָרשטייער פונ דער מענטשהײַט.

דעמ גרעסטנ אָרט אינ רעצענזירטנ בוכ פארנעמט שאָלעמ=אלייכעמס קינדהײַט אונ פריערע יונגט. דאָ ווערט געשילדערט שאָלעמ=אלייכעמס פאָטער, מוטער אונ שטיפמוטער, די ארײַנגייער אינ נאָכעט ראבינאָוויטשעס שטוב, שאָלעמס כאוויירימ אונ פרײַנט—די אלע, וואָס האָבנ ארומגערינגלט שאָלעמ=אלייכעמענ אינ זײַנע קינדער= אונ יונגט=יאָרנ.

דער כ' פינקעל ברענגט א ריי עפּיזאָדנ, וואָס גיבנ א ברייט בילד פונ שאָלעמ=אלייכעמס לעבנ אונ שאפנ. ער מערקט אָנ די קוואלנ פונ שאָלעמ=אלייכעמס רעאַליזמ, די ספּעציפישע זײַטנ פונ שאָלעמ=אלייכעמס קאָמיזמ.

מיר זעענ פאר זיכ שאָלעמ=אלייכעמענ דעמ מעצענאט, שרײַבער אונ קריטיקער, שאָלעמ=אלייכעמענ דעמ שרײַבער=פּראָפעסיאָנאל, וואָס דארפ ציענ די כיונע פונ שרײַבנ, מאטערט זיכ אונ לעבט אינ דאכקעס. מיר זעענ דעמ גרויסנ הומאָריסט אינ זײַנ לעבנ=לוסטיקײַט, פונ וועמעס שאפונג עס שפּרודלט א לעבעדיקער קוואל, א ליבע צו דער וועלט אונ צומ מענטשנ.

דער כ' פינקעל ברענגט א גאנצע ריי אינטערעסאנטע פאקטנ, וויאזוי האָט זיכ שאָלעמ=אלייכעמ באצויגנ צו דער שפראכ, וויאזוי ער האָט געזאמלט די אוצרעס פונ דער פאָלקס=שפראכ, פונ פאָלקס=שאפונג. שאָלעמ=אלייכעמס ווערק זײַנענ אנ אומויסשעפּנדיקער מאטעריאל פאר דערלערנענ דעמ ייִדישנ פאָלקלאָר.

אינטערעסאנט איז דער קאפּיטל „שאָלעמ=אלייכעמ אונ גאָרקי“—די באגעגעניש פונ די צוויי גרויסע הומאניסטנ.

אייניקע קאפּיטלענ שילדערנ די לאגע פונ די ייִדישע שרײַבער אינ דער ייִדישער ליטעראטור אינ די 80=ער אונ 90=ער יאָרנ פונ 19=טנ יאָרהונדערט: „צווישנ די קיעווער ייִדישע שרײַבער“, „דער אָנגריפ פונ דער בורזשואז=נאציאָנאליסטישער פרעסע“.

מיט גרויס ליבשאפט שילדערט כ' פינקעל די באגעגעניש פונ שאָלעמ=אלייכעמענ מיטנ „זיידנ“, מיט מענדעלענ, די באגעגעניש, וואָס האָט זיי פארבונדנ אינ פרײַנטשאפט ביז זייער טויט. זיי האָבנ זיכ דערפילט נאָענט לויט זייערע אָנשויונגענ אפ דער ייִדישער ליטעראטור, אירע אופגאבעס אונ צילנ.

דער כ' פינקעל דערציילט וועגנ שאָלעמ=אלייכעמס ליבע צו זײַנ היימלאנד, אימ האָט ניט געקענט באפרידיקנ דער אמעריקאנער אָלרײַטניק, די אמעריקאנער ביזנעס, אימ האָט געצויגנ אינ רוסלאנד, צו זײַנע אָרעמע ברידער, פאר וועלכע ער האָט געטרוימט וועגנ א גליקלעכער צוקונפט.

צו די מער געלונגענע קאפּיטלענ געהערנ „אינ בערדימשעוו אפ די פעסקעס“, „צווישנ די כײַעס באמ לײַב“—שאָלעמ־אלייכעמס פאָרלעזונג באמ באוווּסטנ מיליאָנער אונ צוקער=פאבריקאנט ל. בראָדסקי.

דער אוטאָר גיט אָפּ א באדײַטנדיקנ אָרט שאָלעמ=אלייכעמס באציונג צו דער רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר אונ זײַנ שאפונג אינ דעמ דאָזיקנ פעריאָד: פאסקווילנ אפנ קייסער, אלעגאָרישע נאָוועלנ.

דער בוכ איז אָבער אויכ ניט פרײַ פונ פעלערנ. איכ װיל אָנװײַזנ אַפּ אײניקע פונ זײ.

דער כ' פינקעל גיט אָפּ זײער װײניק אָרט דעמ געזעלשאַפטלעכ=פּאָליטישנ לעבנ פונ יענער צײַט אונ אַפּ װיפל די דאָזיקע צײַט האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט אונ געװירקט אַפּ שאָלעמ=אלײכעמס שאַפנ. ער באַגרענעצט זיכ נאָר מיט דער רעװאָליוציע פונ 1905 יאָר. דער גאַנצער צײַט=אָפּשניט פונ די 90=ער אונ אָנהויב 900=טער יאָרנ פאַלט קימאַט ארויס. עס פאַלנ ארויס די יאָרנ, אינ װעלכע עס האָט זיכ ברײט אַנטװיקלט שאָלעמ=אלײכעמס געניאַלער טאַלאַנט אונ זײַנ שאַפונג װערט אַלצ רײַפער אונ רײַפער. אַפּ שאָלעמ=אלײכעמענ האָט געװיס געװירקט די צײַט פונ אופברויז, די פאַרשװינדונג פונ דער געזעלשאַפטלעכער אַפּאַטיע פונ די 900=ער יאָרנ. אַפּנ פּאָנ פונעמ אַנטװיקלטנ קאַפּיטאַליזמ זײַנענ אויסגעװאָקסנ שאָלעמ=אלײכעמס פּערסאָנאַזשנ. די דאָזיקע מאָמענטנ זײַנענ שװאַכ באַלויכטנ.

ס'איז אינגאַנצנ ניט באַרירט געװאָרנ די באַציִונג פונ רעװאָליוציאָנערנ ייִדישנ אַרבעטער צו שאָלעמ=אלײכעמענ.

שװאַכ איז אויכ געמאָלט געװאָרנ שאָלעמ=אלײכעמס װוקס אונ אַנטװיקלונג. מיר זעענ ניט דעמ שרײַבער אינ זײַנ דינאַמיק, אינ זײַנ אַנטװיקלונג, אינ זײַנ זוכעניש.

מע דאַרפ אויכ זאָגנ, אַז אינ א גרויסער מאָס איז אויכ שולדיק דער מאַנגל אינ מאַטעריאַלנ אונ דאָקומענטנ, װי אויכ פאָרשונג=אַרבעט װעגנ שאָלעמ=אלײכעמענ.

שװאַכ זײַנענ אויכ באַרירט די װירקונגענ אינ שאָלעמ=אלײכעמס ליטעראַרישנ שאַפנ. אָנװײַזנ אַפּ געקראַסאָװנ איז נאָכ װײניק אונ ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר שאָלעמ=אלײכעמענ. שאָלעמ=אלײכעמ איז געװענ גוט באַקאַנט מיט דער רוסישער ליטעראַטור פונ זײַנ צײַט אונ אויסמײַדנ איר װירקונג האָט ער ניט געקאָנט.

דער כ' פינקעל װײַזט אָנ אַפּ מענדעלעס װירקונג אינ שאָלעמ=אלײכעמס שאַפונג. אָבער ער װײַזט ניט אָנ, װיאַזוי אונ װענ האָט זיכ שאָלעמ=אלײכעמ באַפרײַט פונ דער דאָזיקער װירקונג אונ איז אַװעק מיט זײַנ אײגענעמ אָריגינעלנ װעג.

מיר דענקענ, אַז דער כ' פינקעל װעט אינ די װײַטערדיקע אופלאַגעס װענדנ די אופמערקזאַמקײַט אַפּ די אַלע מאָמענטנ.

די אָנגעװיזענע פעלערנ פאַרקלענערנ ניט די װערט פונ כ' פינקעלס בוכ. זײַנע קינסטלערישע ביִאָגראַפיעס איז א פרײדיקע דערשײַנונג. ער דעקט אופ די בעסטע זײַטנ פונ שאָלעמ=אלײכעמס פערזענלעכקײַט, זײַנ אָפּטימיזמ אונ גלויבנ אינ בעסערע צײַטנ, זײַנ ליבע צומ אונטערגעדריקטנ פאָלק, זײַנ סינע אונ האַס צומ פיליסטער אונ צו די פאַלשע פאָלקס=פרײַנט אונ פאָלקס=פאַרזאָרגער. דער צװעק פונ אַװטאָר „װעקנ נאָכ מער ליבע אונ אַכטונג צו אונדזער גרויסנ פאָלקס=שרײַבער" איז דערגרײכט געװאָרנ.

ג. יאַבראָװ.

# דערציילונגען

(נאָטע לוריע—„דערציילונגען“ *)

נאָטע לוריע איז א פארביקער, א זאפטיקער שרײַבער. ער קען דערציילן א זאך בעהאדראָגעדיק, מיט דער קלענסטער דעטאל און קלאָר. דאָס האָט ער אונדז באַוויזן ניט נאָר אין זײַן ראָמאן „דער סטעפּ רופט“, נאָר אויך אין זײַן נײַ דערשינענעם ביכל „דערציילונגען“.

אין די קליינע דערציילונגען איז דער שרײַבער טרײַ זײַן אייגענעם סטיל. אהערצו קומט נאָך צו מײַסטערשאפט פון קענען בויען א קליינע דערציילונג, צו קענען אופכאפן א סיזשעט פון אונדזער סאָוועטישער טאָגטעגלעכקײַט.

די דערציילונגען זײַנען אָנגעשריבן לײַכט, אָן הויכע פּראָבלעמאטישקײַט און דאָך לאָזן זיי איבער א גוטן געפיל.

קימאט אין אלע דערציילונגען זײַנען פאראן פּאָרטרעטן פון מענטשן און דורך זיי איז אויסגעדריקט באציִונגען, וואָס בארירן פראגן פון סאָוועטישער מאָראל.

עס זײַנען פאראן מענטשן, וואָס אין זיי טאָטשעט א ווערעמל פון דער פאר־גאנגענהײַט, וואָס האָבן ניט קיין געפיל צו געזעלשאפטלעכע פראגן, וואָס זײַנען יעכידנע, עגאָיִסטיש („פאסאזשיר“).

אָדער מענטשן אָפּגעלעבטע, וואָס פילן ניט די באוועגונג פון אונדזער צײַט, קוקן אפן הײַנט מיט נעכטיקע אויגן („ניט דערקענט“).

אין דער דערציילונג „שכיינים“ האָבן מיר א פּאָרטרעט פון אן אָנגעשטעלטן, וואָס אים דוכט זיך, אז אלץ ווערט געטאָן אים אפ צולאָכעס. אשטייגער, מע באַלוינט מיט אן אָרדען זײַן אינסטרוקטאָר, איז ער זיכער, אז דעם אָרדען האָט דער אינסטרוקטאָר באקומען ניט פאר גוטער ארבעט, נאָר אים, מוישע צפאס־מאן אפ צולאָכעס.

אָדער אזא מין קאָמישע סיטואציע, אז ער דערהערט הינטער דער טיר, אז דער פּאָרזיצער רעדט וועגן קאפּיטאליסטישע שכיינים, דוכט זיך אים, אז מע מיינט אים, און אז מע וויל אים ארויסוואַרפן פון דער דירע. דאָס איז א טיפּ פון א קליינינקן מענטשעלע, וואָס איז אײַנגעזונקען אין קלייניקײַטן און קוקט אפ אלץ פון שטאנד־פונקט פון זײַן נעבעכדיקן, נארישן „איך“.

---

*) אוקרנאצמינד־פארלאג. קיִעוו. 1939 י. 172 זײַטן. פרײַז 3 רובל.

די דאָזיקע אַלע פּאָרטרעטן זײַנען אַ וואַריאַציע פון דער טשעכאָווישער טעמע, אָנגעווענדעט אין אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט.

אָט די אָפּגעלעבטע כאַראַקטערן שילדערט דער שרײַבער ניט באַזונדער, אויסגעטיילט, נאָר דערפאַר, ווײַל זיי טראָגן אַרײַן אַ דיסאָנאַנס אין דער סאָוועטישער אַטמאָספער. זיי סטאַרטשען אַרויס ווי איבעריקע. דעריקער איז באַם שרײַבער די סאָוועטישע סוויווע (די שילערנס פון קאָנסערוואַטאָריע, וואָס פאָרן אָפּ אַקאָנצערט, די דעמאָביליזירטע רויטאַרמייער, דער יונגער דאָקטער, וואָס פאָרט צום ערשטן מאָל אָפּ פּראַקטיקע אין שטעטל).

אין די דערציילונגען איז פאַראַן דער געמיטלעכער טאָן מיט אַ דינעם הומאָר, וואָס לאָזט זיך קוים מערקן, און וואָס רופט אַרויס אַ צופרידענעם שמייכל.

אַ ריי דערציילנגען זײַנען „סטעפּישע", וואָס וועלן געוויס אײַנגעשלאָסן ווערן אינעם צווייטן בוך פון ראָמאַן „דער סטעפּ רופט". זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ גרויסן אינטערעס ווי באַזונדערע דערציילונגען, זיי האָבן אין זיך אַ זעלבשטענדיקע אידיי, וואָס ווײַזן מאָמענטן פון קאָלווירטישן לעבן.

די דערציילונג „דער לעצטער אינדיווידואַל" איז געבויט אָפּ אַ פּסיכאָלאָגישן מאָמענט. די טעווע פון אַ מענטשן איז, אַז ער זעט בעסערס, נעמט אים אָן, נאָרטירלעך, אַ קינע צו בעסערס, צו שענערס. דאָ האָט דער דאָזיקער אינסטינקט באַקומען אַ געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן כאַראַקטער.

שעפטל, איידער ער איז אַרויסגעפאָרן אין קוניע, האָט ער באַטראַכט זײַן חירטשאַפט, זי האָט אויסגעזען גאַנץ באַלעבאַטיש, אָבער ווי נאָר, פאַרבײַפאָרנדיק דעם קאָלווירט, האָט ער באַטראַכט די אשירעס, וואָס דאָרטן איז פאַראַן; דעם שיינעם רײַכן קאָלווירט־הויף מיט מאַשינעס, די גרויסע שטאַל מיט די שיינע פערד, די ווײַס אויסגעקאַלכטע הײַזער, די גאַסן מיט די טראָקטוארן, די אַלייע מיט עפּלביימער וואָס פירט צום קאָלווירט—אָט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געזען האָט אָפּ אַזויפיל געווירקט אָפּ אים, אַז ער האָט זיך גלײַך דערפילט אָרעם, עלנט, נעבעכדיק:

„שפּעט אינאָווונט איז ער אַ מידער אַרײַנגעפאָרן אָפּ דער אייניציקער שקאַפּע צו זיך אין הויף אַרײַן. אָפּן הויף איז געווען שטאַרק פינצטער. קיינער איז ניט געווען, כאָטש נעם און פיר אַלץ אַרויס. שעפטל האָט זיך אומגעקוקט אָפּן הויף און פאַרביטערט פאַרזשמורעט די אויגן. ווען ער איז נאָך האַלבן טאָג אַרויסגעפאָרן, האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האָט איבערגעלאָזן אַ הויף מיט באַלעבאַטישקײַט, מיט גוטס, און איצט האָט ער גאָרניט געזען, ער האָט געלאָזן די שקאַפּע ניט אויסגעשפּאַנט און מיט שווערע טריט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן ברעכן די שויבן, אַוועק אין דער זעמליאַנקע". (ז. 112).

דאָ איז נאָך ניט אויסגעשעפּט, פאַרשטייט זיך, די טעמע, וואָס ווײַזט דעם פּראָצעס פון איבערגעבוירן. די טעמע פון „איבערגעבוירן" איז פּסיכאָלאָגיש אַסאַך טיפער. באַם לעצטן אינדיווידואַל דאַרף געבראָכן ווערן די דווירעסדיקע פאָרורטיילן, וואָס האָבן זיך אין אים אָנגעזאַמלט. אָבער דער דאָזיקער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט אַליין, וואָס ווערט געשילדערט אין דער דערציילונג, איז זייער באַלערנדיק און ווירקזאַמדיק.

די דערציילונגען „א ליבע באַם יאם", „אפ ביידע ברעגנ טײַכ", „אינ סאָד" זײַנען שטײגערישע. אינ זיי פּרעחאַלירט אָט דער ריינער, אינטימער געפיל פונ כאַווערשאַפט, פונ ווירקלעכער ליבע. גוטע פאַרביקע דערציילונגען.

אשטייגער, די ליבע צווישן דעם קאָלווירטישן גערטנער וואָווע אונ בינענציכטלערן אירינע. דאָס איז ניט קיינ סטאַם־ליבע פונ זײַטיקע מענטשן. דאָ איז פאַראַנ ווירקלעכע ליבע, וועלכע איז פאַרקניפּט מיט געמיינזאַמע אינטערעסן, וואָס האָט ניט קיינ מאַטעריעלע אונ גײַסטיקע ווידערשפּרוכן.

דאָס איז א געזונטע נאַטירלעכע ליבע. ליבע צו דער אַרבעט, צו זײַנ קאָלווירטישן סאָד, צו דער קאָלווירטניצע אירינע. אָט אינ אַזאַ שטימונג זײַנען אָנגעשריבן די לעצטע צוויי דערציילונגען.

די קראַפט פונ נאָטע לוריע באַשטייט אויכ אינ דעם, וואָס אינ יעדער סיטואַציע קענ ער שאַפנ די אינטימע, שטײגערישע אַטמאָספער, וואָס דערנענטערט, וואָס מאַכט אייגנ.

אינעם ביכל דערציילונגען זײַנען באַרירט געפילנ אונ איבערלעבונגען פונ אונדזערע סאָוועטישע מענטשן, ס'אָטעמט אַרויס אונדזער סאָוועטישע ווירקלעכקײַט, עכטע, סאָוועטישע דערציילונגען.

אי. רעזניק.

---

## אינהאלט






רעדקאָלעגיע.

אָפּגעגעבן צום דרוק VIII/15—39 י. אונטערגעשריבן צום דרוק X/19—39 י. צאָל דרוק־בויגנ 6.
טיראַזש 2000. באַשטעלונג נומ: 838. גלאַווליטבעל 596.

דרוקעריי א. נ. סטאלין—מינסק.



פרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс



ВЫДАННЕ
„Окцябр"
Менск, Рэволюц. вул., 2.